מאָטל גרוביאַן — איינער פֿון די אָנגעזעענע ייִדישע סאָוועטישע ליריקער — איז געבוירן געוואָרן אין 1909, אינעם שטעטל יוסטינגראַד (סאָקאָליווקע, אוק־ראַיִנע). אין 1935 איז דערשינען זײַן ערשט ביכל לידער „פֿון קעלער אַף דער זון“; דאָס איז געווען אַן אָנזאָג פֿון אַ נײַעם קויעך, וואָס גייט אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

די ווײַטערדיקע לידער־זאַמלונגען „ליריק“ (1940), „געזאַנג וועגן מוט“ (1947) און די ביכער לידער אַף רוסיש און ווײַסרוסיש האָבן פֿולשטענדיק באַרעכטיקט די האָפֿענונגען, וועלכע זײַנען אַנטשטאַנען באַם דיכטערס קומען אין דער לי־טעראַטור.

דער איצטיקער בוך „אומרויִקער ווינט“ טראָגט אַ מין סאַכאַקל־כאַראַקטער. דאָ וועט דער ליבהאָבער פֿון ליריק זיך טרעפֿן מיטן רײַפֿן עכטן דיכטער גרוביאַן, וועלכער איז שטענדיק אָריגינעל, אייגנאַרטיק און אומגעווײנלעך־נײַ אין זײַנע וויזיעס, היפּערבאָלישער מעטאַפֿאָרישקײַט און אידייִשער טיפֿקײַט. אין דעם בוך דערהייבט זיך גרוביאַן צו פֿאַרקערפֿערונג פֿון פּראָבלעמען פֿון דער היסטאָרישער היינטצײַטיקײַט, וואָס רעגן דעם סאָוועטישן מענטשן.

7—4—3
248-70

דעם קאָוועד פון מײַנע
פריצײַטיק אומגעקומענע
עלטערן.

דער אווטאָר

## מײַן טיפּאָגראַפיע

אויב ביסט, מײַן פרײַנט, מיר געטרײַ —
און אין דעם בין איך זיכער, —
ווינטש מיר באַם יאָם אַ דרוקערײַ
פאַר מײַנע אין פלאַם געברענטע ביכער.

דעם שריפט פון שטערן כ׳וואָלט געמאַכט,
פון זון־אויפגאַנג דאָס שאַרעבלעטל,
דאָס פאַפּיר פון דער לעוואַניקער נאַכט,
וואָס מיט פרישקײַט אין דער נאַכט עטעמט.

געשליפט שטײנער פון יאַמישער טיף —
אַ בוך מעג האָבן אַ טאָוול אַ שווערן,
געבלאָזט וואָלט זיך מיר סוויפט
און אַז כ׳בין גרעסער פון הוליוווערן.

אפילו אַ בוים וואָלט פאַרשטײן מײַן ליד,
מײַן וועג ניט פאַרלויפן קאַרליקלעך פּאָעטן;
כ׳בין אין געשלעג פאַרן אָס אַן אַקשן אַ ייִד!
גלייב אין מײַן הײַנט און אין אייביקן שפּעטער.

כ׳האָב ליב, ווען טרוים מיך פאַרבלענדט,
פון אונדזער שווערן יאָרהונדערט דעם וויכער, —
באַקלעפּ איך מיט לידער מײַנע ווענט,
ווען אַ הונגער איז אין לאַנד אויף ביכער.

# א פארמעקטע ליד

די ערשטע סטראָפע פון מײַן ליד
האָב איך מיט א פּאסיקל פארמעקט;
עפּעס האָט זי מיר דאָס הארץ ניט צעגליט,
דאָס פּאסיקל אויסגעזען האָט, ווי א וועג,
אף וועלכן א פור איז דורכגעפאָרן,
אן אָס צעטראָטן און אין וואלד אוועק.

די צווייטע סטראָפע, האָט מיר געדאכט,
לויכט מיט אלע שטערן;
איך דארף אָבער, ס'זאָל טאָגן איצט,
און זי מיר צינדט די נאכט.

האָב איך א רינגעלע, ווי די זון,
מיט א בלײַער אָנגעקריצט
און א סאָף צו איר געמאכט.

דאָס רינגעלע, דער קרײַז,
האָט אויסגעזען דערפון,
ווי אפן טײַך אן עמער אפן אײַז.

די דריטע סטראָפע האָט אויך מיר
ניט געשמעקט,
ס'האָט געדאכט, א סקריפּענדיקע טיר
פון שלאָף עמעצן וועקט.

האָב איך טייקעף א ציילעמל געשטעלט,
האָט עס אויסגעזען,
ווי די פליגל פון א ווינטמיל אין פעלד.

די פערטע סטראָפע איז די ערשטע
געוואָרן,
האָט א שמעק געטאָן מיט ערד,
מיט הויכן הימל און פרישן קאָרן —
כ'האָב סנאָפּעס צו א סטויג געטראָגן,
נאָר דעם זין צוליב וואָס — אפן וועג
פארלאָרן.
האָב איך אָנגעלייגט גראָז א פולן וואָגן
און צוריק מיטן זעלבן שליאַך געפאָרן.

דערנאָך האָב איך מענטשעלעך און
פערד
געמאָלט מיר און געצייכנט
א ברונעם, פון וועלכן מײַן שיינהײַט
וואסער ציט,
כ'האָב איר זילבערנעם געלעכטער
געהערט,
זי האָט צו מיר גליקלעך געשמייכלט,
און א ווינט האָט איר אין אויער געלייענט
מײַן פארמעקטע ליד.

## א ליד וועגן שניי

שרייַב מיר וועגן שניי א ליד,
ווי ער שפרייט זיך, ווי ער פליט
און דעקט איַין די גאסן. —
שמייכלט אין דער באָרד דער ייִד:
— אויך מיר א פארנאָסע?..

אָך איז יענעם שוין און וויי,
ווער א לעבן ס׳מאכט פון שניי,
שטארבט מיסטאמע פאר א גראָשן? —
שמייכלט אין דער באָרד דער ייִד,
קויפט פונדעסטוועגן די ליד.
— אויך מיר א פארנאָסע?..

און דער שניי דרייט און שיט,
ווייַס געוואָרן איז דער ייִד,
ווי א ווינטמיל פארפאָראָשעט,
פרווו מאָל איבער, וואָס ער טראכט,
וואָלסט א גוט געשעפט געמאכט:
— אויך מיר א פארנאָסע?..

איך האנדל ניט מיט קיינעמס וויי,
כ׳זע אין דעם קיין טאָך ניט!
נאָר סע זאָגן גרויסע סאָכרים,
אז רויך אפילע, ניט נאָר שניי
איז צום לעבן אויך נישקאָשע.
— אויך מיר א פארנאָסע?..

און דער שניי שיט און דרייט,
פונעם קוימען א רויך גייט,

ס'איז אזש פינצטער אין די אויגן:
אפֿן פּלויט א הענדל קרייט,
און דער ייִד פֿארפֿרוירן שטייט,
אלץ איז אים דאָ קאָשע —
פֿארן שרײַבער טוט אים וויי,
וואָס ער לעבט פֿון רויך און שניי.
— אויך מיר א פּארנאָסע?..

ווײַס אף שווארצס דער הימל זיפּט,
מיט א פֿינגער בא דער ליפּ —
שטייט דער ייִד אין טיפֿן שניי,
הערט מײַן ליד אף מאמעלאָשן!

איך בין פֿארשאָטן און פֿארוויית,
נאָר פֿון זון דער שניי צעגייט —
און פֿארלוירן גייט קיין אָס ניט:
ביזן האלדז האָב איך פּארנאָסע.

אפֿן פּלויט א הענדל קרייט,
יעדער קריי דאָס פֿאָלק פֿארשטייט,
ווי די פֿליגל סע צעשפּרייט,
זינגט אין שניי און באָרוועס שטייט.
אויך מיר א פּארנאָסע?..

## מײַן שטעקן

פײגעלעך, האָט ניט קײן מוירע,
וואָס כ'גײ ארום מיט א שטעקן,
איך שרײַב מיט אים לידער אפן זאמד,
ווען די זון וואשט מיט טוי די אויגן
און די ערד איז באטאמט.

פײגעלעך, אפ דעם געשליפענעם זאמד
גרינג איז מיר שרײַבן און מעקן,
אויב די שורע פאלש זיך גראמט,
כ'לאָז גלײַך אראָפּ דעם שטעקן.

פײגעלעך, נעמט מיך, כ'בעט, צו זיך,
איך וועל דעם וואלד מיט אײַער געזאנג
פון זײַנע גרינע כאלוימעס וועקן,
זיך באָדן מיט אײַך אין פרימאָרגן־ליכט,
ניט שרײַבן קײן לידער מיטן שטעקן.

# יאם

כ׳האָב פארלוירן אין יאם א ליד,
איז דער יאם פונעם טינט
געוואָרן בלויער,
שטיי איך אומבאהאָלפן, ווי א קינד,
מיט פולע אויגן טרויער.

גיב מיר, יאם, אָפּ מײַן ליד צוריק,
מאך ניט קיין לײַטיש געלעכטער!
האָט דער יאם מיר ניט
אומגעקערט די ליד,
ער שרײַבט, זאָגט ער, מוזיק —
זײַן מוזיק און מײַנע ווערטער.

## קווייטן

אף קווייטן היט מען זיך צו טרעטן,
און אויב סע פאלט ניט אוים קיין רעגן —
מע גראבט א קרענעצע פונזייערטוועגן,
און אז מיר געפעלט האט א וואסער־טראפן,
דער הארטער פויסט איז געוועז צוקאפנס;
האט די פאלקס־טרער באנעצט מיין גומען —
איך האב זי אין זיך אריינגענומען.
מענטשן זיינען ניט קיין קווייטן,
אבער טרעטן זיי מע דארף שטרענג פארווערן,
דערפון קאן די זון פארלאשן ווערן.

# צו מײַן אקטריסע

ווידער, מײַן פײגעלע, אין וועג?
אוי, דײַנע גאסטראָלן!
און איך גאנצע נעכט און טעג
וועק אין מײַנע לידער פארפאלן.

סע זעגט מיך, ווי דעם בוים די זעג.
בא אלע מענטשן אין דער וועלט
איז דאָס מאזל אין דער היים,
בא מיר — קעסיידער אף גאסטראָלן.

בא מיר פון צאר דער בעניפים,
די קאסע לײדיק איז אינגאנצן,
וואָלט איך געקענט זײַן אן ארטיסט,
דער גרים אף מײַן פּאָנעם זאָל גלאנצן,
וואָלט איך געלעבט,
ווי גאָט אין אָדעם.

כאָטש, אז אָך און וויי איז צו זײַן לעבן —
דער אלטער גאָט גייט אום, ווי א מעס,
אף רישעליעווסקע דאָרט,
מע שיט אף אים פּעך און שוועבל!

אזא ספּעקטאקל האָט ער געשטעלט,
און איך באדארף איצט צאָלן.
בא אלע מענטשן אין דער וועלט
איז דאָס מאזל אין דער היים,
בא מיר — קעסיידער אף גאסטראָלן.

# לעבן

אלערליי צוויטשערלעך און פליגעלעך,
קיעלעך און פלאטערלעך פון וואלד
בעטן, מע זאָל אף זיי ניט טרעטן;
זיי קאָנען עס ניט איבערטראָגן מער!
איז ווו זאָל מען טרעטן
איבער דער ערד?
עפשער ניט גיין צופוס איבער דער ערד,
נאָר שוועבן, —
קאָסט עס אויך דאָך עמעצן ס'לעבן.
אלערליי צוויטשערלעך און פליגעלעך,
פלאטערלעך און קיעלעך פון וואלד
גייען ניט אריַין אין אונדזער הארבער
מענטשלעכער לאגע
און שטעלן נאָך אלץ די פראגע:
— ווו זאָלן מיר לעבן?
— ווען וועט מען אופהערן אונדז טרעטן!
און די שיך בא דעם מענטשן
זיַינען שווער,
און ביז פינף און פערציק די מאָס,
לאָז איך אראָפּ א גרויסע טרער —
און טרעט, ווען די צוויטשערלעך זינגען
אין גראָז.

# דאָס טראכטן

קאָפּ מײַנער, טראכט ניט!
טראכט ניט, מײַן קאָפּ.
נעמסט מיט דײַן טראכטן
דעם קאָפּ מיר אראָפּ.

און א מענטש אָן א קאָפּ
איז גאָרניט קיין מענטש,
טראכט, נאָר מיט ליכט
דאָס הארץ מײַנס בענטש!

בענטש מיר דאָס פעלד
מיט א זעטיקן סנאָפּ.
א לויטערער שטערן
זאָל פון הימל אראָפּ!

ניט זײַן זאָל מײַן וואָרט
קיינמאָל קיין פּלאָג,
ווו כ׳וועל שטעלן א טראָט,
זאָל אופגיין נאָר טאָג!

בענטש מיך צעקלאפּן
דעם אומענטש, וואָס נאָגט,
בלוט און מעהומע
צו מײַן נעסט ער טראָגט!

קאָפּ מײַנער, טראכט ניט!
טראכסט — איז פארשטיי,

אז נאָר פאַרן פאָלק
טוט מײַן האַרץ אַזוי וויי!

מיט בליץ פון מײַן אויג —
אויף יעדן בלאַט פון בוים
קריץ איך מײַן גלויבן
אין מענטשלעכן טרוים!

מײַן ווירטשאַפט — מײַן
ליבשאַפט —
דער וועלט איך צעשענק;
מיט זומער־רעגן פרישן
דעם קאָפּ איך שווענק!

אַלע טאָג כ׳טרײַב אַ וואָלקן,
אַ צווייטן, וואָס נאָגט;
ווי אַ יאַמישע כוואַליע,
מײַן האַרץ זיך צעשלאָגט!

בײַ אַ פעלדז, בײַ דער נאַכט
איך בעט און איך פרעג,
דעם באַרג־אַרויף מיר ווײַזט,
דעם קלאָרן וועג!

מײַן ווייטעק — מיט קווייטן,
איך בעט, שיט ניט אָפּ,
ביז די וועלט גייט אַרום
מיטן קאָפּ אַראָפּ;

צינדט אונטער גראָזן,
סאַמט אָפּ דאָס ברויט,
זעטיקט איר טײַווע
בײַ דער סודע פון טויט!

קאָפּ מײַנער, טראַכט ניט!
טראַכט ניט, מײַן קאָפּ.
נעמסט מיט דײַן טראַכטן
דעם קאָפּ מיר אַראָפּ.

כ׳זאָל פון זיך עמיגרירן,
וווּ האָסטו געזען? —

ס'איז מיט מיַין האַרץ
עפּעס ביטערס געשען;

מיט טרערן סע שפּריצט
און ראַכמים סע בעט,
מיַין ווירטשאַפט — מיַין
ליבשאַפט —
היט אָפּ, ניט צעטרעט!

אין שאָ פון געפאַרן,
מיט סריפּעס באַזוימט,
איך קני פאַר דיר, מענטש,
פאַר דיַין הייליקן טרוים!

# דער קוימען

מײַן האלדז — דער קוימען,
דורך װעלכן די געשאָמעס
זײַנען צום הימל געפֿלױגן —
פֿון טױזנטער פֿארברענטע דער
אש
האָט היים זיך אומגעקערט
צו מײַנע אויגן!

זיי ניט מיט טוי איך וואש,
נאָר מיט טרערן און בלוט
פון אייגענע טאטע־מאמע.
און אויב איך לעב,
איז נאָר ווי א קלאָלע
פאר די אלע, וואָס טרוימען,
מײַן האלדז זאָל ווערן
נאָכאמאָל א קוימען.

# דער פּארקן

גיי גיב אײַן אין גערײכט
אַף אונדזער אַלטן פּאַרקן,
וואָס בײַט זײַנע פֿאַרבן,
אַף אונדזער אַלטער שטוב,
וואָס איז ניט געשטײַעט אומגערײכט,
און אַף יענע אַמאָל צעהאַנגענע קרינגעלעך
און קלינגענדיקע שיינע טעפּ,
וואָס זײַנען זיך פֿון פּאַרקן
מיטאַמאָל צעפֿלויגן
פֿון שטורעמווינט שטאַרקן.

גיי גיב אײַן אין גערײכט
אַף מײַן טאַטן,
וואָס איז צו דער אַקײדע
געגאַנגען ניט געבויגן
מיט אַזויפֿיל גלויבן
און ניט אויסגעלאָשן ליכט
אין די צאַרפֿולע אויגן.

גיי גיב אײַן אין גערײכט
אַף דעם בּאַרג אַש
פֿון אונדזער אַלטער שטוב
און אַף דעם שטעכיקן ווינט,
וואָס האָט אַ פֿאָלק
געקאָוועט אין פּראָסטיקן קלעם.

ביז איצט שטייט אָפֿן
פֿאַר מײַנע אויגן

דער וועג צו יענעם גרוב,
וואָס מײַן טאַטע
האָט אַליין פאַר זיך געגראָבן
באַם אַלטן פּאַרקן
מיט זײַנע מיסע־מעשונע פאַרבן!
אַלע נאַכט כאַלעמען זיך מיר
סטײַעס שוואַרצע ראָבן,
און ס׳נעמט אַלץ מיך אַרום
מײַן טאַטנס קלאָר־ווײַס העמד
מיט די געפרווירענע לאַנגע אַרבל.

## קינדהייט

שיינדלען — מיט ליבע

מיין היים, מיין ליים,
מיין ליימענע היים,
ביסט א ברונעם
מיט וואסער,
צי א ברונעם
מיט ליים?
מיט א ליימענעם קריגל
האָב איך פון דיר געשעפּט,
אַף א ליימענעם פּארקן
צעהאנגען
ליימענע טעפּ.
(שפּעטער געהאנגען
אַף אים זיינען קעפּ...)
א קוימען פון ליים,
א פּריזבע פון ליים,
א טשירין פון ליים,
אויך מיין וואנדער־מעגילע
געשריבן אַף ליים.
איך נעם דיך, מיין היים,
ווי א קריגל
אַף א ליימענער טאץ,
און פּיק
אין דעם מיט א פינגער —
דו קלינגסט,
צי דו האָסט געפּלאצט?..

## מײַן מאמע

מאמעניו, מאמע!.. גיב מיר די האַק,
כ'װעל צעהאַקן דאָס געפֿראָרענע ברױט,
די שטײַג, װוּ דער טאַטע
באַהאַלט זיך פֿון טױט,
דאָס אײַז אױפֿן טײַך אונטער דער בריק,
װאָס איז ניט פֿון זון־אױפֿגאַנג רױט.

מאמעניו, מאמע!.. אין אַזאַ פֿראָסט
האָסטו זיך זוכן אַ שײַטל האָלץ געלאָזט,
מיט אַזױפֿיל פּלאָג,
מיט האַק און פּאַק!
ניט אומזיסט כאָלעמט זיך מיר
יענער גרױער טאָג,
דאָס געפֿראָרענע ברױט
און מײַן מאמע אױפֿן פֿראָסט מיט דער האַק.

## דער טאטע

אפֿן הערמד א זשיליעט,
אױף דעם זשיליעט
א קוצעװײקע,
אױף דער קוצעװײקע
א סערדעט,
אונטערן סערדעט
א פּליושן רעקל אױף װאטין,
אן אלפּאגענע קאפּאָטע אױף סאטין.
א פורכאלאט
פון ברעזענט,
א טכוירן טולופּל,
פון װעלכן די טכוירן
האָבן אנטלױפן געקאָנט
אָן איין שאָם,
א קאפּטן נישט צו דער מאָס —
און אינעװײניק —
דער טאטע.
אױף „בין־הזמנים" זיך געלאָזט.
ער גייט,
אזא פארשנייטער — ער גייט!
אין רוסלאנד
איז קאלט,
געװען זייער קאלט,
אינמיטן העלן טאָג
א ייִדן אין שטאָט
מ'האָט קוילען געקאָנט,
װי אין װאלד.
האָט געמיינט דער טאטע:

אין די בגאָדים
איז געוויינלעך בעסער,
טאָמער א מעסער,
דערלאַנגט ער נישט ביזן סאָף.
דער טאַטע גייט,
און גייענדיק ער שלאָפט,
אָנגעפּעלצט מיט וויי,
מיט פאַלנדיקן שניי
אין דער נאַכט אַרײַן שפּעט.
דעם טאַטן
געפונען מ'האָט
אינמיטן דער שטאָט,
בלויז אין אונטערשטן גרעט.
נישטאָ אפן העמד
נישט די קוצעווייקע,
נישט דער סערדעט,
נישט דאָס פּליושן רעקל אף וואַטין,
נישט די אַלפּאַגענע קאַפּאָטע אף סאַטין,
נישט דער פּורכאַלאַט
פון ברעזענט,
נישט דאָס טכוירן טולופּל,
פון וועלכן די טכוירן
האָבן אַנטלויפן געקאָנט
אָן איין שאָס.
נישטאָ דער קאַפּטן,
וואָס איז אַראָפּ פון דער מאָס,
אינעווייניק
איז אַמאָל געווען דער טאַטע,
וואָס האָט זיך אף „בין־הזמנים" געלאָזט.
מ'האָט אים דערהאַרגעט.
— פאַרוואָס?
א מאַכנע וואָראָנעס
מאַכן דעם שניי שוואַרץ —
און בלויז פון דעם אַליין
פּלאַצט דאָס האַרץ!

# דער זיידע

הינט האָבן געהאַווקעט, און דער הימל האָט געברענט.
מײַן זיידע שלוימע מיט גלאָז אין די הענט
האָט איבער די דערפער אוקראַיִנישע געטראָטן,
ווו א ייִד האָט ווײַזן זיך ניט געקענט,
ווו א ייִדן צו לעבן איז געווען פארבאָטן.

ער האָט געטראָגן גלאָז אין די הענט —
און די לעוואָנע האָט גאָלדענע רייפן געשאָטן.
ווארפן א שטיין אין א ייִדן ז'קיינעם ניט פארבאָטן,
אָנרייצן די הינט אף א ייִדן מ'האָט געמעגט.

און מײַן זיידע איז געגאנגען זײַן וועג...

הינט האָבן געהאַווקעט, און דער הימל האָט געברענט,
גלאָז האָט דער זיידע, ווי לוכעס, געטראָגן אין די הענט.

## דאָס ליכט

קיין טײַנעם האָב איך ניט
צו דער וועלט,
וואָס ווי פינצטער ס׳ווערט,
אהין מע טראָגט מיך,
ווי א ליכט.
מע צינדט מיך אָן
און מע פארלעשט,
אין אלטן לײַכטער
ארײַנגעשטעלט.

קיין טײַנעם האָב איך ניט
צו דער וועלט,
וואָס מיט איין האנט
צי מיט א פּאָלע
פון א פּעלץ
מיך אפן ווינט מע פארשטעלט.
איך ווייס, צוליב וואָס מײַן לעבן
איך צעשמעלץ!

דארפסט, וועל איך לײַכטן
אפילע, ווען א שײַטל האָלץ
וועסט אין פינצטערן דרויסן
שפּאלטן.
נאָר צינד מיך אָן
צו דער צײַט —
און שטעל מיך ניט ארײַן
אין לײַכטער
אין אלטן.

2*

## כ׳בין אזא מענטש

איך רוק זיך אָן דעם הימל
איבער די אויגן,
קער איבער דרײַ מאָל אין טאָג דאָס האריץ
אױף דער לינקער זײַט,
פֿלי העכער פֿון יעדער פֿויגל,
לויף נאָך יעדער שטערן
אין דער אומענדלעכער ווײַט.

כ׳ברענג עפּל־צוויט דער לעוואָנע,
ווען איר גורל איך טראַכט:
איך האָב א קאוואָנע
אָפּטשעפּען,
ווי א ליידיקן וואגאָן,
די פֿינצטערע נאכט.

איך קאָן מיט די אויגן
אויסטרינקען דעם יאם,
שרײַבן ליבע־לידער מיט קויל
אױף א צעריסענעם שטיוול,
האלטן, ווי די שאָלעם־טויב,
א גרין בלעטל אין מויל,
ברענגען פֿון מאָסקווע
דער ווענערע א בריוול.

כ׳קאָן ארײַנלאָזן
א מעסער אין האריץ
דעם טײַערן אלטן גראַם.
איך קאָן אָפּבינדן די זון,

ווי א קעלבל פֿון א פּלויט,
און אהיים זי קײַקלען —
אונטערשטעלן,
ווי אמאָל אפֿן שלאכטפֿעלד,
א פֿיסל דעם טויט
און פֿריילעך מיט די שטעקעלעך
פֿון שטארקן בוים
קלאפּן אין פּײַקל.
שטיי׳ן שטאָלץ, ווען דער ווינט
רייצט אָן אף מיר די בלעטער
פֿון אלע הארבסטיקע סקווערן,
שטילן מײַן דאָרשט
פֿון א ליימענעם קריגל
און מיט ליכט
פֿון א נאָרוואָס אנטפּלעקטן
ניט פֿארצווייפֿלטן שטערן.

שטראָפֿט מיך דערפֿאר ניט,
איך בעט!
איך בין אזא מענטש —
ניכטערקײַט
איז ניט מײַן פֿארמעגן;
אָפּט לעבט
נאריש און קרום א פּאָעט
און פֿאלט קאָסע צו דער ערד,
אזוי ווי א רעגן.

## ווּ איז דער פּאָעט?

ס׳האָבן זיך אַלע שטעט
אַרום מײַן שטאָט געדרייט
און געזוכט דעם פּאָעט,
ווײַל ס׳האָט אַזאַ קלאַנג
אין פֿאָלק זיך פֿאַרשפּרייט,
אַז צעקריגט דער פּאָעט
האָט זיך מיט דער וועלט,
פֿאַר ווילדקייַט און צוואַנג,
צי פֿאַרן עמעס, וואָס גייט
צו אונדז אַזוי לאַנג.
איז פֿאַרשוווּנדן דער פּאָעט,
ער און זײַן גײַסט —
און זײַן לויטער געזאַנג!

אים אומקערן אימשטאַנד
איז איצט ווער? —
ער מוז זײַן אַף דר׳ערד,
צי אין בלעטער פֿון בוים,
אין מײַן מאַמעס טרער,
צי אין דאָרף, וואָס צעצווימט
באַרג־אַרויף איצט יאָגט.

עפּשער קאָסעט ער ברויט
אין פֿאַרטיקן פֿעלד,
עפּשער יאָגט ער דעם טויט
פֿון אַ פֿינצטערער וואַנט
צווישן אים און זײַן וועלט.
עפּשער אַקערט ער אײַז

אין א געפרוירן לאנד —
און דעם טונדרע־מענטש
דעם וועג ער ווײַזט
מיט אזא לאנגער האנט?

עפשער שטארבט ער איצט
איבער אן אייגענער ליד —
זי זאָל ווערן דער בליץ,
וואָס צו הערצער פליט.

און סע זוכן די שטעט
ארום מײַן שטאָט דעם פּאָעט;
איבער טײַכן מע שווימט,
איבער זומפּן מע טרעט —
און זײַן נאָמען מע רימט,
אף פעלדזן מע קריצט.

און ער, דער פּאָעט,
אין זײַן פּאָשעט געצעלט,
צעקריגט מיט דער וועלט —
בא א פענצטער זיצט
און א קעצעלע גלעט.

# דאָס אנטלאָפענע ייִנגל

ווען איך בין פון דער היים אוועק,
האָב איך וועגן רום ניט געקלערט,
באטאָג שיפן געשלעפט
פון יאם צום ברעג,
באנאכט — אונטער א בוים,
מיטן פּאָנעם צו דער ערד,
האָט זיך אָפּגעדרוקט אף מײַן באק
די קארטע פון מײַן וועג.

ווען איך בין פון דער היים אוועק,
האָב איך אף הויכע בערג
צו זייערע שארפע קעפּ זיך פארקוקט,
געקלעטערט אָן שרעק,
נאָר אָפּט פליִען פון די בערג
ווי א שטיין איך פלעג,
מיט די אייגענע ביינדעלעך
אף דער ערד זיך געדרוקט.

ווען איך בין פון דער היים אוועק,
האָב איך בלויז אין דער ווײַט געקוקט,
שטומע וועלדער
מיט מײַנע לידער געוועקט,
פארן אייביקן פלאם
פון דער זון זיך געבוקט,
נאָר כ׳וויים ניט, צי דער וואָלף,
וואָס האָט מײַן יוגנט פארצוקט,
לייענט די קארטע פון מײַן וועג,
וואָס איז אף דער באק אָפּגעדרוקט.

## מיט דער לעוואָנע אפֿן אקסל

אינמיטנדרינען
בין איך אזוי אויסגעוואקסן,
אז די לעוואָנע
זיצט אף מײַן אקסל.

אינמיטנדרינען
בין איך אזוי קליין געוואָרן,
אז העכער צוויי מאָל
פֿון מײַן אקסל
רוישט דער קאָרן.

אינמיטנדרינען —
א בוים זיך פֿארכלינעט
מיט פֿרישן רעגן
און לויפֿט מיר דעם וועג איבער.

אינמיטנדרינען
א קאַץ אפֿן דאך
פֿון אונדזער אמאָליק שטיבל
ווארט איבער;
זי קאָן נאָך א שפּרונג טאָן,
ווען דו גייסט זיך קושן
אין ווײַנשל־גאָרטן
מיט דײַן ליבער!

אינמיטנדרינען
שטייט מײַן מאמע
און מײַן שוועסטער אין יענעם
גאָרטן

און ציילן אינצווייען
די שטערן פון הימל
איבער —
און קוקן אַף מיר,
ווי איך וואָלט די גרענעץ
פון קלאָרן סייכל אריבער.
אזא כאָסערדייע!

לויפט נאָך דער קאָץ,
וואָס איז אים אמאָל דעם וועג
אריבער,
נעמט ארום זיך מיט א בוים
און אים קושט,
ווי געפינען
וואָלט ער אינמיטנדרינען
זיין אמאָל דאָ פארלוירענע
ליבע?..

אינמיטנדרינען
בין איך אזוי אויסגעוואקסן,
אז די לעוואָנע
זיצט אַף מיין אקסל.

## באַם טײַך

אַליין וועט ער ניט
צושווימען, מײַן שיינער מאָרגן,
צום ברעג,
איך וועל אים אַרויסציִען
פֿון מיטן טײַך.

הונדערט פּוד וועגט זײַן עק,
און זײַן אויג
ווי די זון לײַכט!
אויב דאָס לעבן
איז טאַקע אַ טײַך,
זאָלסטו פֿאַר מיר ניט זאָרגן,
די נעץ וועל איך, פֿילײַכט,
אָפּן פּלויט
ניט צעהענגען,
ביז ניט וואַרפֿן
וועט אין איר זיך, ווי אַ פֿיש,
מײַן לעבעדיקער,
שיינער מאָרגן.

מײַן נעשאָמע מיט אַ ליסקע
אַזאַ זילבערנער באַדעקט,
דער גוואַלד פֿון צווייפֿל דערוואָרגן.

איך וועל די פֿינגער
צעשטעכן ביז בלוט,
נאָר ברענגען צום ברעג
מײַן שיינעם מאָרגן.

# א האָן אױף מײַן דאַך

פונוואַנען דער האָן
אױף מײַן דאַך,
דאָס פײַער אין פענצטער
צום באַנאַכטיקן גאָרטן? —
דאָס האָט מײַן לידער־סקירדע
זיך אָנגעכאַפּט
אין פעלד דאָרטן
און סאַרפּעט, ברענט!
כאַפּ איך צוויי עמער
אין די הענט,
לױף צום טײַך
וואַסער שעפּן,
מײַן ווײַצענעם טיש
פון פײַער שלעפּן,
מײַן בינטל זאַנגען לעשן,
מײַנע לידער,
מיט וועלכע כ'האָב געקאָנט
די אויסגעזעצטע שויבן
פון לעבן פאַרקלעפּן,
ראַטעווען פון פײַער
און רויך
דעם אינגדרויסן,
מיט זיך אים פאַרלעשן,
דעם פויגל
פון מײַן גאָרטן,
וואָס איז מיר שולדיק
פויגל־מילך
א פּלעשל!

דער ווינט איז שטארק
און טרײַבט דעם פלאם
מיר גלײַך
אין פּאָנעם,
וועלן זיך פרייען
די סאָנים:
גרוביאַן ברענט!
אָ, ווען מע וואָלט
עפּעס נאָך
אים אָפּטאָן געקאָנט?!..
אײַ, אײַ, אײַ!..
און צו וועמען וועט איר קומען
נאָכן ביסעלע פײַער?..

# א גרעזעלע

ווען א גרעזעלע
הייבט אוף דעם קאָפּ צום הימל
און בעט א טראָפּן רעגן־טוי,
מעג דער הימל ענטפערן.

נאָר זאָל ער
מיט קיין מאבל
זיך ניט עפּענען,
די ערד אין גאָרטן
ניט צעשווענקען —
ער איז דאָך א הימל,
דארף ער זײַן מילד,
גוטהארציק און בלוי,
דאָס קליינע גרעזעלע גערענקען.

# באַם לעבן

נאָר באַם לעבן, נאָר באַם לעבן
באָד אין זון זיך,
באַגים די קווייטן,
טונק אין ראָסע דײַנע פליגל,
נאָר באַם לעבן!

שטאַרבט אַ העלפאַנד,
ווערט ער גאָרניט,
און אַ פייגעלע באַם לעבן
זינגט און מאַכט די הומלען
קלאָרער.

נאָר באַם לעבן, נאָר באַם לעבן
שאַלט און וועקט
דער הירשן־האָרן,
וואָלקנס גייען, כּמאַרעס שוועבן,
קומט אַ צאָרע,
קאָנסט זי איבערלעבן —
נאָר באַם לעבן,
נאָר באַם לעבן!

# א הוידעלקע

מיר איז שוין וואַרפן דאָס שרײַבן שווער
און צו שפּעט.
מײַן לעבן ענלעך
צו א פאס מיט א ברעט,
אף וועלכער סע הוידעט זיך א מענטש
און א בער.

ארוף און אראָפּ
צום הימל און צו דר'ערד,
איז עפּשער ניט גוט? —
ס'איז גוט!
נאָר די פאס
ווערט פול מיט בלוט,
ווען קושן זיך וואַרפט אפן האלדז
דער בער.

# א כאָלעם מיט א לייטער

קריכט א ייִד ארויף אף א לייטער
אָנצינדן אין גאס א שטערן —
דאָ איז שטאָקפינצטער,
ווי די נעשאָמע בא גרויסע מיליאָנערן.

כאפּט ער זיך, אז אין קעשענע
איז קיין שוועבעלע ניט פאראן...

שרײַט ער: ביילע, טאָכטער!
לויף, און פון קיך
א קעסטעלע שוועבעלעך ברענג,
מע מוז אָנצינדן
אין גאס א שטערן —
דאָ איז שטאָקפינצטער,
ווי די נעשאָמע בא גרויסע מיליאָנערן.

ביילע, טאָכטער!
אפן לייטער איך הענג...
ברענגט ביילע דאָס קעסטעלע שוועבעלעך
און ווייסט ניט, ווי דעם טאטן
אזוי הויך עס צו דערלאנגען, —
ווײנט זי... און דערווײַל
איז דער כאָלעם אויסגעגאנגען.

## דאָס פאַרקישעפטע ייִנגל

דער רועך ווייסט וואָס! —
עפּעס אַ שטיקל לעוואָנע
אויף אַ סטויג
לעבן אַ דאָרפישן שײַער,
און אַ פאַרקישעפט ייִנגל
מיט אַ בויגן פּאַפּיר
און מיט אַ ניט פאַרשניצטן
בלײַער

שרײַבט לידער
מיט ייִדישע אויסיעס.
שרײַבט אַזוי לאַנג
אױפן סטויג באַם שײַער,
ביז אָנגעכאַפּט
האָט זיך דאָס גראָז
פלאַם־פײַער,
און די אויסיעס
זײַנען צום הימל אַוועק.
דאָס פאַרקישעפטע ייִנגל
געטריבן
פון זיך האָט די שרעק,
קיין סרייפע
זאָל דאָרט כאָטש ניט ווערן!
ער איז צום טײַך
געלאָפן,
וואַסער געשעפּט,
דעם הימל געוואָלט פאַרלעשן
און דערלאַנגען ניט געקאָנט
די אייגענע אויסיעלעך,
וואָס האָבן געברענט,
אַזוי ווי עמעסע שטערן.

## דער שרײַבער פון בריוו

בא מיר אָנשרײַבן א בריוו
איז ווי האקן אין וואלד
מיט א טעמפּ מעסער צווײַגן:
ס׳איז פּאָרט גרינגער.
דער בוים זײַן ווייטעק באהאלט,
ס׳פארשטעכן זיך ניט
אין די ווערטער דאָס הארץ
און די פינגער.
בא מיר א ליבע אף פּאפּיר —
איז רויך אָן פלאם.
איך וואָלט גרינגער
ארויסגעשלעפּט פון יאם
אן אָנגעלאָדענע שיף
מיט גרויסע שטיינער.
גאָט אליין נאָר ווייסט
די קאטאָרגע פון שרײַבן
א פּראָסטן בריוו.
מײַן האנט, ווי בא א געזונטן שמיד,
קוועטשט שטארק אָן אף דער פּען,
דער אייביק פארטרערטער,
פון שטערן
א האָגל זיך שיט.
די צעבלוטיקטע ווערטער —
ווען איבערבינדן מע קאָן
און ניט רוקן
אין קאָנווערט זיי —
זאָלן זיי אליין
איבערשווימען די יאמישע טיף,

שוועבן אין רוים
צו דיר, מײַן גאָט־באַשערטע!
לאָמיר זיך ליב האָבן גאָר
אָן בריוו,
אָן פלאמיקע, פּאפּירענע ווערטע־.

# א טערמאָמעטער

כאנעלען

טײַערע מײַנע! לאָמיר מיט דיר
ניט אַראָפּפאַלן
באם לעבן פון די הענט
און זיך ניט צעברעכן,
ווי א טערמאָמעטער.

און לאָמיר מיט דיר
קיינמאָל קיין שפּיטאָל ניט ווערן,
מיט אויגן ווי הארבסטיקע פענצטער,
וואָס גיסן טרערן.

און לאָמיר מיט דיר
א פלאם טאָן מיט יוגנט,
מיט זון און מיט קראפט
און מיט ראכוועס;

און ווען מיר וועלן מעסטן
די היץ און די קעלט —
איז מיט א בריאָזקע פון וואלד
אונטער די פּאכוועס.

# א קאַראַמיסל

ווען מע קאָן מיט א קאָראָמיסל
אַף די אקסל
הימל און ערד,
ווי צוויי עמער, טראָגן, —
און אין דרויסן זאָל טאָגן,
און הארבסט זאָל ניט שטארבן
אין פעלד דאָס בלימל, —
וואָלט איך פון ערשטן בלימל
אויסגעכליופּעט
בא דײַן שטוב א ביסל הימל —
בלויען, ווי די פארטאָגן,
וואָס מיט שײַן
אין די אויגן שלאָגן.
און פון צווייטן עמער —
ערד די זאפטיקע, ווי זומער, —
וואָלט איך
אזא קאָראָמיסל
אפן אקסל גענומען,
צו דיר געטראָגן...

# דער פּאָעט

דרײַסיק יאָר א ייִדישער פּאָעט
און קאָן ניט קויפן זיך קיין רעכטע שליאַפּע,
און דער רעגן גיסט און ליאַפּעט,
מיט די שויפענצטער דער דיכטער רעדט.

דרײַסיק יאָר א ייִדישער פּאָעט,
און די הויזן זײַנע פּײַפן,
ס'האָבן געפּלאַצט שוין אלע נעט;
פֿול מיט לעכער, ווי א פּײַפֿל —
א פּאריזשער ייִדישער פּאָעט!

ציט דער רעגן לאַנג דעם ניגן,
א קאשטאַן־בוים לאָזט א טרער,
אלע שליאַפּעס, וואָס אין שויפענצטער דאָ ליגן,
וועלן דײַנע זײַן, איך שווער.

איינע טראָגן וועסט גאַנצפרי,
דרײַ געביטן האָסט ביז אָוונט.
טאָמער האווקען אַף דיר קלאָווים,
„באָן מאַטען"[1] זאָגן זיך באַמי!

מיט דער שליאַפּע זיך פאַרנויגן,
— א גוט־מאָרגן, שיינע הינט!
גלײַך זיי קוקן אין די אויגן,
ווען זייער הינטיש בלוט זיך צינדט.

---

[1] פראנצויזיש — א גוט־מאָרגן.

„לעז אמי“[1], קויפט אײַך שליאפּעס,
אף מענטשן ענלעך זײַן איר װעט.

ס׳גיסט דער רעגן שטארק און ליאפּעט,
פֿון די שױפּענצטער פֿליִען שליאפּעס,
זעצן זיך װילדע פֿייגל
אפֿן קאָפּ באם ייִדישן פּאָעט.

[1] פראנצויזיש — פרײַנט.

## דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער

װי שימען־עליע מיט דער ציג,
דו שלעפּסט זיך מיט די לידער.
די ציג שלעפּט דיך אפן שטריק
און טוט דיר קידער־װידער.

זי צום שטעטל אלץ דיך ציט,
װוּ טשערעפּיצע־דעכער שלאָפן:
א רעגנדל מיט דריבנע טריט
איז ערשט דאָ דורכגעלאָפן.

אף קאָזאָדאָיעװקע די לעװאָנע הענגט
און אלע גרױסע שטערן שײַנען.
ס׳פעלד מיט אָװנט־ליכט פאַרשװענקט,
רעדט פּראָסט צו דיר אוקראַיִניש —

„קודי װעזעש טי קאָזו?" —
דאָס ציגעלע מיט װײַסן פעלכל,
דײַן מעלקשעפל בא דיר איז װוּ?
צי אין דער יאַרמלקע װעסט מעלקן?

א ציג ס׳איז צי גאָר א צאָפּ?!
שפּיצלעך טוט זי אָפּ, די צײַט, דיר...
פאַרליר נאָר, באָכער, ניט דעם קאָפּ,
װי דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער.

גאָר די װעלט מע רוקט אין שטריק,
דעם עמעם מע פּריטשמעליעט,
קױפסט דעם װײַב א מעלקנדיקע ציג,
א צאפּ איר ברענגסט, װי שימען־עליע.

# טשירי־בירי־באָם

נעם, פויגל, אַף איין פליגל
מײַן לעבן
און אפּן צווייטן
מײַן פּעקעלע לידער,
און לאָמיר מיט דיר אוועקפליִען
צום שנײַדערל כאים־מענאשע,
אים בעטן ארײַנציִען
אין דער נאָדל א פאָדעם
און ליגן
אַף מײַנע דורך דער צײַט
צעריסענע לידער
א לאטע,
און זאָל ער דערבײַ זינגען
אײַ, טשירי־בירי־באם!
מיר זײַנען איבערגעשוווּמען
אזא בלוטיקן יאם!
דארפן ניט די ייִדן
קיין צעריסענע לידער.
אײַ, טשירי־בירי־באָם —
א פריילעכער ניגן!
זיץ איך אַף איין פליגל
און אפּן צווייטן
מײַן פּעקעלע לידער.
אײַ, טשירי־בירי־באָם!

## מײַן גאָרנישט

א וואָלקנדל פון ריין בריליאַנט
איז צו מײַן פענצטער געשוווּמען.
אויסגעצויגן האָב איך די האַנט
און גאָרנישט אָנגענומען...

נאָר דער טאָג מיט פרישקײַט העלט
און זינדיקן מע טאָר נישט,
ווײַל אויב איך לעב נאָך אַף דער וועלט,
איז גראָד צוליב דעם גאָרנישט.

קוקט קרום אַף מיר מײַן ווײַב און שווײַגט,
און צערטלט מיר די האָר נישט.
אין פענצטער קלאַפּט א הוילע צווײַג;
כ׳בין א מענטש, וואָס לעבט מיט גאָרנישט.

וואַרט צו, מײַן ווײַב — איר האַנט איך גלעט, —
דו האָסט צו זיך קיין פאָר נישט,
אַזויפיל יאָר דו לעבסט מיט א פּאָעט,
דאַרף דיר טײַער זײַן דײַן גאָרנישט.

פון גאָרנישט כ׳ניי דיר אוף א קלייד
און רויטע שיכעלעך, טשיקאַווע,
דײַנע פעדערן פאַר מיר צעשפּרייט,
און די אויגן מיר פאַרבלענד, מײַן פּאַווע!

קאַלטס און וואַרעמס בא מיר פאַרזוכט,
און געעלטערט זיך קיין האָר ניט,
ביז א זומער־וואָלקנדל דאָס פענצטער זוכט,
וועלן מיר גליקלעך זײַן מיט גאָרנישט!

# א ייִד א נאַר

באַ פּופּציק יאָר א ייִד זיך נאַריש מאַכט,
באַ פּופּציק יאָר א ייִד!..

קיין קינד, קיין רינד,
נישט פאַר אײַך געדאַכט,
פלאַטערט אַלץ נאָך אַף דעם ליד.

דער ווינט לאַמטערנס לעשט אין גאַס,
און ער, ווי אין בראַנפן, זיך אַרײַנגעלאָזט
אין אָט דעם ווילדן הויכן מעשוגאַס...

צום טיש א באָרוועסער פאַרטאָג
ער אײַלט צו פּײַניקן זיך שוין.

דאָ מעסט ער אָן דאָווידס קרוין,
ווערט אים גרינגער יעדע פּלאָג...

א שטוב ער בויט, שמירט און ראַמט
יעדעס צימערל אין זײַן קליינעם ליד,
וואָס האָט א דאַך און פענצטערלעך א סאַך...

טו איך א פרעג אים: „ליבער ייִד, —
אויך, פאַרשטייט זיך, מיט א גראַם, —
צי גיט צום לעבן אַזאַ פאַך?"
קוקט ער לאַנג אַף מיר און לאַכט.

ווײַזט אויס, ער האָט פֿון דעם קיין צאַר,
אים טײַער איז דער כאָלעם גאָר?
באַ פּופּציק יאָר אַ ייִד אַ נאַר,
אַ ייִד, אַ ייִד פֿון פּופּציק יאָר.

##ביידע באַם טינטער

מײַן טײַבעלע, מײַן טויב —
מײַן קלייניניקער ליטפּאַנד!
האַלט מיך אונטער נאָך אַ ווינטער,
ס׳ליגט בא מיר
אַ פּאַרטיק בוך
אונטער דער האַנט,
דער מאַזלדיקער טאָג
שטייט מיט איין פוס אפן ראַנד
פון מײַן טינטער,
כאַלוימעס גאָלדענע שפּינט ער.

מײַן טײַבעלע, מײַן טויב —
די קעשענע, לעסאַטע, פאַרניי...
גיס נאָך אַ טרער
אַרײַן אין טינטער —
צווישן טויזנט פייגל
דערקענען איז ניט שווער
דײַן געשריי:
וווּ איז דער שיינער ווינטער?

מײַן טײַבעלע, מײַן טויב —
עס זיך ניט אויף
דאָס האַרץ צוליב געלט —
געלט איז שניי,
אין די הענט צערינט ער,
זאָל נאָר מײַן בוך
געפעלן דער וועלט,
וועלן מיר האָבן מיט דיר

א כאָלעם,
ניט קיין ווינטער.

די וועלט! —
מיר זאָלן עס ביידע פארמאָגן,
וואָס זי לאָזט
אף מילכאָמעס
און סרייפעס זיך קאָסטן...

און מיר מיט דיר
דעם צענטן ווינטער
זיצן, ווי אפן וואסער,
ביידע באם טינטער.

# וועלוול זבארזשער[1]

אן ענדע. מער זינג איך קיינעם ניט קיין לידער.
איך האָב זיך באַם הימל געשווווירן —
אויב גאָט האָט באַ מיר אין הארצן די נאָטן פארלוירן
און וויל, אז דאַפקע איך, וועלוול פון זבארזש,
זאָל לידער שרײַבן און זינגען,
טאָ זאָל ער מיך א גלעט טאָן מיט דער האנט,
א ווײַס קעלבעלע באַ מיר אין קיך אף דער וואנט
אופהענגען,
א זאק מיט ציבל און קארטאָפל
צו מיר אין שטוב ברענגען,
ס'איז ניט שיין דאָך זינגען פריילעכע לידער,
און א גאנץ לעבן א הונגעריקער זיך ליינן שלאָפן!

וואָס וועט זײַן, אז כ'וועל אָנהייבן זינגען
טרויעריקע לידער?
ווי געפלויגן אין דער הייך
און געפאלן אין דער נידער —
געווען א טויבער, א מעשאָרעס, א מעלאמעד,
א מעקלער, א טאנדעטניק און א רויפע —
פון אלע פארנאָסעס און מעלאָכעס
געהאט אין א קליין טעפעלע קאדאָכעס.
אזוי, אז שוין לעבן אף דער וועלט איז דערווידער.
נאָר ניין, וועלוול פון זבארזש

[1] וועלוול זבארזשער (בינימין־וואָלף ערנקראנץ, 1826—1883) — א פאָפולערער פאָלקס־זינגער. געבוירן אין גאליציע, אין שטעטל זבארזש, געלעבט און געשאפן אין רומעניע.

קאָן מען פאר קיין ציבל און קארטאָפל
ניט קויפן!
ער שטארבט און טכ̇יאס־האמייסים שטייט אוף ווידער
און זינגט נאָכאמאָל אף אלע מערק און יארידן
זײַנע פריילעכע און טרויעריקע לידער.

# א פאסטעך און א פײַפל

א פאסטעך און א פײַפל,
ווּ געזען האָסטו
אזא מין פאסטעך?
א פאסטעך און לאפּטשעס,
ווּ געזען האָסטו
אזא מין פאסטעך?
א פאסטעך און א טאָרבע,
ווּ געזען האָסטו
אזא מין פאסטעך?
דער פאסטעך דארף דאָס פײַפל,
קעדיי די טשערעדע צו וועקן,
די לאפּטשעס,
ער זאָל די פיס ארײַנשטעקן,
די טאָרבע,
ברויט מיט קעז
זאָל פון איר שמעקן,
און דעם שטעקן —
דעם וואָלף איבערשרעקן.
ווּ זשע איז יענער פאסטעך? —
א פײַפל ערגעץ שניצט ער;
בא א בוים זיצט ער.
דער שטעקן
איז אין פעלד אוועק,
דעם וואָלף שרעקן.
די טאָרבע
איז געגאנגען שלאָפן.
די לאפּטשעס

4—2335

קאָן מען פאַר קיין ציבל און קאַרטאָפל
ניט קויפן!
ער שטאַרבט און טכיאָס־האַמייִסים שטייט אויף ווידער
און זינגט נאָכאַמאָל אויף אַלע מערק און יאַרידן
זיינע פריילעכע און טרויעריקע לידער.

# מאמעלאָשן

מײַן ברודער יאשען

צו דעם פערד און צום קעלבל,
צו דער גאנדז און צו די הינער
האָב איך שטענדיק גערעדט אף מײַן שפראך,
און טו איצט דאָס זעלבע,
ווען די שטאל איך עפן און פארמאך.

א שפראך ווי א שפראך.
קאָנסט א סלאוויש צי א העברעיִש
וואָרט ארײַנבראָקן,
זעסטו: דאָס קעלבעלע לאכט,
די הון קוואָקעט.
און אפן פערד לייג ניט קיין אכט.
א שפראך ווי א שפראך.
דער גאנדז און די הינער,
דעם פערד און דעם קעלבל
מײַנע יִדישע לידער איך זינג.

ס'מרוקען די באלעכאִים,
און אויפעם — דאָס זעלבע.
באם ציטעריקן פלאם פון באגינען
פון קריגעלע
מאמעלאָשן איך טרינק.

## איך דארף ניט אזא לעוויַע

כ'האָב דיר א ליד
אָנשטאָט א יוירעש געלאָזט,
פארליר ניט, מײַן ליבע,
פון איר קיין אָס.

ווי ס'אויג אין קאָפּ
איז זי מיר טײַער,
צוליב איר
א גאנץ לעבן
באָרוועס געטראָטן אף גלאָז,
דעם קאָפּ
נישט ארויסגענומען
קיינמאָל פון פײַער.

אָנשטאָט א יוירעש — א ליד
דיר געלאָזט,
בייסן באגלייטן מיך
אין אייביקן וועג,
דו זאָלסט זי מיר זינגען,
נאָר טאָמער פארגרײַזטו, כאָלילע,
אן אָס,
וועל איך פון דער מיטע
אראָפּשפּרינגען —
און אוים מיט דער לעוויַע;
ווי טײַער די לעוויַע קאָסט —
דארף איך נישט
אזא לעוויַע.

# בלעטער

צוקאָפּנס, כאַנעלע,
זאָלסטו מיר אויסבעטן
י.־ל. פּערעצעס פּראָזע
און לייוויקס לידער.

און כאָטש שערבעלעך
דעם מעם אַף די אויגן
מע לייגט בא ייִדן
(נאַראָנים בלויז לאָזן),
אוועקלייגן זאָלסטו מיר
פרישע בלעטער
פון יונגן ווײַנשלבוים
בא אונדז אין שטעטל.

און זאָל ניט אַרן דיך,
וואָס די שפּיל
איז ניט פריילעך
געענדיקט;
מיר צעשיידן זיך דאָך
מיט דיר נישט
אַף שטענדיק.

ווי דו ווייסט אליין,
האָט דער טויט
קיין שליטע נישט
אפן גײַסט פון פּאָעטן;
זיי לעבן אין טראָפּן טוי
פון ווײַנשלבוים,

אין דער גרינער וועלט
פון מישפּאָכעס
נישט פּאַרטיליקטע בלעטער.

אויב איך אוועקגיין
וועל פריִער,
און דו, מײַן טײַבעלע,
שפּעטער,
טאָ ברענג מיר
פון יונגן ווײַנשלבוים
איין צווײַגעלע
מיט פרישע בלעטער.

# מיט לידער אפן יאריד

ווי קריכט מען ארוף
אף אזא הויכן לידער־בארג? —
איך האָב שוין,
קיין איַינהאָרע, אזויפיל לידער,
כאָטש שפאן איַין א פאָר פערד
און פיר זיי אָפ
קיין דזענדזעליוווקע
אפן מארק.

נאָר גיי וויים,
צי וועלן די קוינים
מיר די ביינער ניט צעברעכן?

און אויב קויפן, איז פאר וואָסערע פריַיזן?

מע קאָן צוגיין
צו מיַין וואָגן
און מיט א פינגער
צום שטערן וויַיזן:
— גערירט פון זינען שטארק,
לידער געבראכט אפן יאריד,
מעשוגע צו מאכן דעם מארק.

# געראנגל

אוואדע איז געוואָרן ליכטיק,
קיין וואָלקן זיצט אַף מײַן ברוסט;
גענוג, וואָס אליין דער דיכטער
האָט איינמאָל א וואָלקן ווערן געמוזט.

ס'טראָגן אין דער וועלט אים די אויגן,
דורך א הימל מיט פּאָקן און גרויל,
וואָס זוכט ער? — ער זוכט דעם פויגל
מיט די שליסל פון פרילינג אין מויל.

ער האָט שוין צעזייט זײַנע טרערן,
זײַן נעשאָמע דריקט ניט קיין שטיין;
גענוג, וואָס א שטיין ווערן
ער האָט איינמאָל געמוזט אליין.

ס'האָט דעמלט די וועלט זיך געוואָרגן
מיט געשריי פון פארטיליקטע דוירעס,
האָט ער זײַן גוורע אין שטיין פארבאָרגן,
דעם מענטש אין זיך געבוירן!

וויפל מאָל איז די זון פארגאנגען,
אין יאם פון רעציכעס אויסגעברענט?!..
רום צו די, וואָס אין טויט־געראנגל
האָבן זײַן שטארקער פון שטיין געקענט!

ס'שעמערירט די זון אין די אויגן
נאָך דער לאנגער כוישעך־נאַכט —
דאכט מיר, ס'האָט דער פויגל
די שליסל פון פרילינג געבראכט.

## אין מײַן לידער־שטיבל

קום, מײַן צוקונפט!
כ'האָב א פריש געלעגער
דיר געמאַכט —
אין מײַן לידער־שטיבל,
ווו דער שענסטער
שטערן אין פענצטער לאַכט,
ווו מײַן לעבן איז מער
קיין קירבעס,
וואָס צו דער ערד
זיך קויקלט פון א שינדל־דאַך.

קום, מײַן ליכטיקע,
מײַן אקשנטע, ווײַטזיכטיקע!
כ'האָב קיין שפּילצײַג פון וואָרט
קיינמאָל ניט געמאַכט.

איך וועל שטיי'ן באָרוועס
אפן טויזנטיאָריקן שליאַך
און מיט וויי פון הארץ
זי פון אלע ווײַטן רופן:
קום, מײַן ליכטיקע,
מײַן אקשנטע, ווײַטזיכטיקע!
בא יעדער בוים
זיך צעבײַלט און דיר געשריבן,
בייסן שווערסטן שלאַכט!

## צו דער לעוואָנע

דיכטער האָבן דיך מיט ברויט געגעסן,
פאַרליבטע זײַנען אױף די צווײַגן פון בוים
ביז ערשטן האָנענקריי געזעסן
און מיט די הענט אראָפּגענומען
א לעוואָנע פון יעדן פײַכטן בלעטל.

ס'איז א מילכאָמע געקומען,
האָסט אן אָרט זיך געפונען אין הימל קוים,
באַנאַכט מיט מיר איבער די טויט־פעלדער
געקלעטערט.
שפּעטער, ווען כ'האָב די מילכאָמע געוווּנען,
צי איך דיך ווידער, א ליכטיקע,
בא אונדז פון ברונעם.

# באַ דער זײַט

(עלעגיע)

ווען אָנשיטן ערד מע וועט אױף מיר אַ מאַסע —
און, ווי אַלטן שריפט אין אַ קאַסע,
מיך האַלטן מע וועט ערגעץ באַ דער זײַט,
וועל איך נאָך מײַן לעבן
זייער בענקען, נאָך אָט דער הימל־ווײַט.
איבער מײַן געביין וועט פאַר דער צײַט
אויסוואַקסן אַ בוים מיט גרינע בלעטער,
דער ווינט וועט אַ סטעזשקע
צו מיר אויסטרעטן —
און מײַן כאָלעם וועט נאָכאַמאָל זיך וועבן:
און פעלן וועסטו מיר באַם איינזאַמען פּלויט.
נאָר עפּשער ווייס איך ניט, וואָס זײַן וועט שפּעטער?
איינם בלויז שרעקט —
די שטילקײַט פון טויט.

## איך וואַרף קווייטן אין טײַך

איידער שטאַרבן
און עפּעס אַ דער רועך
ווייסט ווער זאָל איבער מיר
האַלטן אַ דראָשע,
אַז געווען בין איך
מיט גײַסט קווירעך־רײַך,
און אַז מיט אייגענעם בלוט
האָב איך וועלט־סרייפעס
געלאָשן!
און אַז מײַן נעשאָמע
צווישן געווינים לײַכט —
און דערפאַר מיר קויפן
מע וועט קווייטן
פאַר פינף רובל
מיט זעכצן גראָשן! —
בעסער לעבן
מיט דיר, מײַן מאַמעלאָשן,
וואָס הערט ניט אויף
אין האַרץ
בא מיר פלאַמען,
אַליין זיך קויפן קווייטן
און פון דער בריק
זיי וואַרפן אין טײַך
און קוקן ווײַט,
ווי לעבעדיק זיי שטראָמען.

## צו מײַן פּענצטער

צו מײַן פענצטער האָט געטראָפן
אזא ריינער טראָפּן פרילינג —
שניידט ער מיך, אזוי ווי דימענט
שניידט א בלויען טאָוול גלאָז;
איך האָב אויסגעבלוטיקט
אָט דעם פרייַען הימל,
אָט די ערד מיט יונגן גראָז.

## א דעמב

געוועז אמאָל א דעמב... און איצט —
אונטערגעזעגט
און פון אים מע שניצט
א ראָד צו א וואָגן; —
ער געדענקט א פרילינג־בליץ
און דעם שפּעטן דונער,
וואָס פלעגט אױף אים זיך ווארפן,
ווינטער — די ווינטן די שארפע,
ווי גלאָז...
און איצט א ראָד
פון אים מע שניצט —
מיט איר אין וועג זיך מע לאָזט.
קאָסט עס פּײַן, אוואדע קאָסט!
ערגער איז אָבער,
ווען לעבעדיקערהייט
דער דעמב נעמט פוילן —
ארום און ארום גרינט און בליט
יעדעס גרעזעלע גראָז,
און ער מיט אן אופגעגעסן הארץ שטייט.
ווײַזט דעם הימל א פינגער
א דארן און א הוילן.

## פאַרוואָס?..

פאַרוואָס בין איך אַזוי גרינג,
מיט אַ פעדער אַ בלאָז טאָן און איך פלי?
פאַרוואָס בין איך אַזוי שווער,
מיך אופהייבן איז ווי די גאַנצע ערד,
פון וועלכער איך וואַקס אַ וואַלד אין בלי!

פאַרוואָס בין איך אַזוי שטיל
פאַר אַ שטורעם אין מעכטיקן יאַם? —
איך בין די כוואַליע, צי דער ווינט,
וואָס אייביק מיט איר שפּילט,
מיך וואַרפט אין פלאַם?..

כ'וועל שטאַרבן מיט אַ גוט וואָרט,
ניט דערוויסנדיק דעם טאַך פון מײַן וויי.
און וועל ציטערן פון יענער זײַט לעבן דאָרט,
פאַר אַ טראָפּנדל זון אַף אַ צווײַגל אין שניי.

## פלאמיקע ערד

אונדזער ערד איז מיט זאמד,
און דער זאמד איז מיט בלוט —
און דאָס בלוט איז מיט פלאַם,
וואָס קיינמאָל רוט;
קומט די זון און צעגראָבט
די ערד און דעם זאמד —
רינט א טײַך און פארגיסט
מײַן פרילינג־לאנד.
אָט דעם טײַך מיט זיך,
ווי א שטיין איך פארצוים —
און נאָר וועגן שטראָם פון ליכט
טאָג און נאכט איך טרוים.
נאָר איך בין אויך מיט זאמד
און מיט בלוטיקן פלאַם,
וועל איך מאכן א בילד
אין א גאָלדענער ראַם
פון דעם טײַך און דעם זאמד,
וואָס אף די פלייצעס מיך טראָגט
און לאָזט קיינמאָל ניט אָפּ;
און הענגען וועט דאָס בילד
אין דער גאָלדענער ראַם —
קעסיידער איבער מײַן קאָפּ!

# האַרבסט

ס'האָט דער האַרבסט
אַרײַנגעלייגט צוויי פינגער אין מויל
און פּײַפט

און וועקט דעם גאָרטן,
וואָס איז שוין הויל.

דער ווינט אין שטיינערנעם פּלויט
אַ מעסער שלײַפט,
ער וועט עס אַרײַנשטעקן
דעם גאָרטן אין האַרץ.

נאָר עפּל אַ פּאָר,
וואָס הענגען אויף דער צווײַג נאָך רויט,
דראָען מיט פויסטן שטײַפע;

זאָל ער, דער ווינט, שלײַפן,
דער גאָרטן האָט שוין אַזעלעכס געהאַט,
ס'וועט שטאַרבן דער ווינטער באַם פּלויט,
און דער ווינט
וועט נאָך קומען צום גאָרטן
בעטן אַ גרינעם בלאַט.

# דער בליץ

ס׳ווערט דער בליץ פון פײַער אייגענעם פארבלענדט...
איין ארבל צונייען געבליבן איז צום הימל־בלויען העמד.
און מיטאמאָל צו דער ערד ער פליט;
כ׳זע, דער ווינט דאָס גראָז פארקעמט,
א לײַכטן ציטער טוט אין פעלד דער דעמב.

מיר איז אויך געבליבן איין ארבל צו פארנייען בא דער ליד,
זאָל כאָטש ניט ארויספאלן דאָס גוטע צײַג פון די הענט,
איך בין אויך פון פײַער אייגענעם פארבלענדט.

## אייביקייט

אייביקייט! סע שלאָפן נאָך
די הינער אפן לייטער,
און ניט קעדיי זיי וועקן.
אייביקייט! דער וועג צו דיר
איז ניט פארזייט
מיט פארשיקערנדע קוויטן.
אייביקייט! ווען כ׳זאָל פאר דיר
זיך א ביסעלע ניט שרעקן,
וואָלט איך רו דעראָבערט.

אייביקייט! איך זיץ נישט
אף קיין צווייגן
פון אן אָפּגעברענטן בוים,
ווי א בלינדע סאָווע.

אייביקייט! ווער ביסטו? —
א וואָגן פריש־געקאָסעט היי,
און צו דיר מע קומט
כאפּן דעם גוטן דרימל,
צי דו ביסט דער ווינטער־הימל,
וואָס פארפּאַראָשעט די פענצטער
מיט הורבעס שניי?..
אייביקייט! הייב מיך אוף
קעגן דער זון גאנצפרי —
נאָר נישט ווי קיין רעשעטע,
מיט וועלכע רעגן
מע קאָן איבערזיפּן.
אייביקייט! שאנעווע מיין מי!

מיט פּלאם־פּײַער אף די ליפּן
בעט איך, עפּשער
דארף מען עפּעס אין מיר
פארצערעווען, פארוועבן,
איז טו דאָס איצט,
בלויז מיט ליכט
און בלויז באם לעבן.

## צוויי ביימער

מײַן טרייסט, מײַן שײַן פון די אויגן!
פון דײַן נידעריק שטיבל,
ווי פון א טײַך, כ׳האָב דיך ארויסגעצויגן.
ס׳האָבן ווײַסע ביימער
אונדז געשווינדלט פאר די אויגן
מיט פראָסטיקן גלאָז באצויגן.
האָסטו מוירע געהאט: מיר וועלן פארפרוירן,
בלײַבן ווי צוויי ביימער אין דרויסן שטיין,
האָט די זון געעפנט
פון א נײַער וועלט אלע טויערן,
וווּ די הערצער אונדזערע צעגיי׳ן.

## שטילקײַט

פּאַרקער צום גרינעם וואַלד,
וואָס דער טאָג מיט אַ גאָלדענעם שלאָס
אַף באַנאַכט פאַרשליסט,
טו אויס דאָס העמד
און לייג אַוועק אַפן גראָז,
צי הענג עס אויף אַף אַ צווײַג
פון אַלטן דעמב
באַם שלאָפלאָזן טײַך,
וואָס אין די בערג פליסט.
און זיץ איבער די נאַכט און שווײַג,
וועסטו הערן,
ווי שטיקערווײַז די שטילקײַט פאַלט
פון יעדער בוים אין וואַלד,
ווּ שטערן
גייען אַף די שפּיץ פינגער אַרום
מיט שליסל אין די הענט,
זוכן אין די גרינע ווענט
פאַרשלאָסענע סייפן אָפּ,
סייפן פון מענטשלעכער גוווּרע
און הייליקן רום;
אונטער יעדער בוים, אומעטום,
האָט געראַנגל
געברענט,
און איך מיט דורכגעשאָסענע פיס
אין וואַלד.
ער איז געווען מיט הארוגים
געשטאָפּט,
אין פײַערן פאַרקלעמט.

איך האָב דעמלט רויט געמאכט
דעם טײַך מיט מײַן העמד.
שטיקערווײַז די שטילקײַט פאלט,
ווער ווייסט, וואָס דער וואלד
אין אזא שטילקײַט באהאלט?

## דער רעגנבויגן

שטייט דער רעגנבויגן פּונקט איבערן דאך —
איין העלפט האָב איך,
ווען א צווייטע — כ'וואָלט א רייף געמאכט,
אים געקייַקלט מיט א שטעקל איבער גאָר דער וועלט;
וווּ ס'איז פינצטער אין א פענצטער,
דאָרט וואָלט איך זיך אָפּגעשטעלט.
כ'בעט דערלאנגען א טרונק וואסער צי א בענדל פון א שוך...
איך גיי ארום דאָס גאנצע לעבן, א שטיקל רעגנבויגן כ'זוך.

זאָגט מייַן מאמע:
— ווייסטו וואָס, מייַן זון,
האָסט א הארץ אזא מין גאָלדנס, —
שטיקעווע זשע צו דערפון
די צווייטע העלפט פון רעגנבויגן.
מאמעשי, ניט לאך...
כ'האָב געפּאָלגט זי און געקראָכן
אפן הויכן דאך,
ס'האָט געקאָסט מיר מי און קויכעס,
שיר צעבראָכן רוק־און־לענד,
איצטער שטראַלט דער רעגנבויגן,
ווי די זון, אין מייַנע הענט;
אים איך קייַקל מיט א שטעקל איבער גאָר דער וועלט,—
וווּ ס'איז פינצטער אין א פענצטער,
דאָרט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט...

# בא לענינען

דאָס בוידעם־שטיבל, דער הילצערנער „סאַרײַ",
וווּ לענין האָט געלעבט און געשריבן,
איז אין האַרץ מיר אַרײַן און געבליבן! —
ווער קאָן גלײַכגילטיק גיין פאַרבײַ?

צום בערעזע־טישעלע איך שפּאַר זיך צו,
באַריר די פּראָסטע בענקלעך, די צעשטעלטע.
זיי זײַנען פון אָקטיאַבער עטוואָס עלטער.
כ'פאַרליר די שווין נייטיקע אין מײַנע יאָרן רו,
איך וויל נאָר איינס: דעם לעבעדיקן לענין דערפילן
דאָ אפן בוידעם־שטיבל, אין „סאַרײַ" דעם קילן.

דער ווינט עפנט דאָס טירל און מאַכט עס צו,
צי דאָס טוען עפּשער לענינס פינגער?
און פון דעם אליין ווערט מיר גוט און גרינגער
מײַנע ייִדישע לידער שרײַבן און זינגען.

# אילישאָווקע

דאָס הילצערנע שטיבל אין יאַלקאַלאַ,
דער בערעזע־טיש און די ווינער דרייַ
בענקלעך
דייַנע הענט געדענקען,
דייַנע שמאָלע אויגן די שטראַליקע.

אָט איז די אָזערע קאָוק־יאַרווי;
איך נעם זי און טראָג, ווי אַ שפּיגל,
דאָ האָסטו געלעבט, ווען די געפּאַר האָט
צעשפּרייט איבער דיר די פליגל.

גראָז קאָן מען קאָסען, לייגן אין סטויגן,
פאַרן עמעס ניטאָ אַזאַ סערפּ נאָך!

אָ, ווי דאָס לעבן געוועזן איז טערפּקע —
אַ ציט'ריק אונטערגעשאָסענער פויגל.
און ס'איז אוואַדע טשיקאַווע איצט,
כ'עפן אין יאַלקאַלאַ פון שטיבל
די לאָדן,
און באָד זיך אין דער אָזערע „קראַסאַוויצאַ",
ווו לענין האָט אַמאָל זיך געבאָדן.

# בא דער קרענעצע

וואָס טוסטו דאָ, ייִנגל,
בא דער קרענעצע?
איך באגים מײַן ברודערס
קייווער...
און ווי אָפּט?
אַלע גאנצפרי,
ווען די זון איז שוין דאָ
און ס'איז נאָך פון הימל
ניט אוועק די לעוואָנע, —
איך שטעל זיך
בא דער קרענעצע
אף די קני
און זע אין איר
מײַן ברודערס פּאָנעם.

* * *

האָט דער שניי אזוי שעמערירט
און די אויגן געבלענדט,
און אפן בוים אין די אײַז־קליידער
האָט די ווינטערדיקע זון געברענט;
האָסטו צעוויינט זיך און דאָס געזיכט
פארשטעלט מיט די הענט,
גלײַך עמעצער וואָלט דיר
די הויט מיט פײַער געבריט.
פון ליכטיקייט וויינט מען אויך?
ווען זשע וויינט מען ניט?..

## מײַן מאָרגן

זאָל מיר מײַן מאָרגן
כאָטש װײַזן אַן אויער,
זײַנע ליפּן
װי זעען אויס? —
אַ ביסעלע זון
באַם הילצערנעם טויער,
אַ קינד,
װאָס אַ שליטעלע
באַרג־אַראָפּ שטויסט.
זאָל מיר מײַן מאָרגן
איין סאָד
כאָטש פֿאַרטרויען,
צי װעלן
אויך װינטער
מײַנע קװייטן װאַקסן? —
טו איך אַ שפּאַר
דעם דעמבענעם טויער
מיט מײַנע
אײַזערנע אַקסל.
און זאָלן די קװייטן
מײַן פּאָנעם
פֿאַרשפּריצן מיט טויען.
אַלץ, װאָס מײַן מאָרגן
געקאָנט
האָט באַהאַלטן
הינטערן טויער...
זאָל ער מיר װײַזן,
כאָטש װײַזן
אַן אויער!

## קויף בא מיר א כאַלעם..

קויף בא מיר א כאַלעם
פאר האלב אומזיסט
און זעץ אים אַרײַן אין א שטײַגל —
ער שטעכט מיר באנאכט
אין אויער מיט א צווײַגל
און ווי א פויגל מיט לידער זיך צעגיסט,
אז געהאקט האָליץ
איך האָב א גאנץ לעבן אומזיסט,
אין א רעשעטע וואסער געמאָסטן;
א פאַלאַץ געבויט
פון יידישע ווערטער פּראָסטע,
פון לויטער מאמעלאָשן —
און דעם, וואָס לעבן
געדארפט האָט אין זײַן לאָשן,
איך האָב אים פון טויט
און גײַסט־פּאַראַרעמונג — ניט באשיצט!

קויף בא מיר אן אלטינקע מיל,
וואָס די מילשטיינער
ווען טויזנט יאָר נאָך מאָלן.
אין איר איז שאָטנדיק־קיל
און אלץ צעפּלאָנטערט, ווי אין א כאַלעם,
נאָר דײַן טאטע
שארט אום זיך דאָרט שטיל
און א ניגן זינגט,
און זעק מיט קאָרן צעבינדט —
אין דער האלב־כאָרעווער מיל.
און זײַן גרויסע טרער,

ווי דער קאָפּ פון א קינד,
זעצט אויס א פענצטער
און פליט מיטן ווינט
איבער פעלדער און טאָלן...
די מיל איז פארשנייט און פארשפינט,
און דער כאָלעם, ווי יעדער כאָלעם,
אנטלויפט און צערינט,
און בלויז אינעם גאָלדענעם ווינקעלע מײַן טרוים,
ביזן אויסהויך פון מײַן נעשאָמע איך באשיץ!
און באדויער ניט,
וואָס איך בין דער בוים,
אין וועלכן ס׳האָט געטראָפן דער בליץ.

# אין הימל גייט אויף...

קוש מיך דערפאר,
אז ביזן סאָף אויסגעהאקט זאָלן ווערן
די וועלדער פון גרויל,
ווי מע האָט מיך אזויפיל מאָל געמאָרדעט
און ניט דערמאָרדעט.

קוש מיך דערפאר,
וואָס דאָס ליד מײַנס איז פלאם
בא מיר אין מויל,
אין אָט דעם פרישן פרימאָרגן.

קוש מיך דערפאר,
וואָס אין הימל גייט אויף
א פילמאזלדיקע זונען־קויל
און סע בינדן זיך ליכטיקע סטראָפן.

קוש מיך דערפאר,
וואָס מיר האָבן זיך סאָפקאָלסאָף געטראָפ׳
און וואָס ניט איך פונעם גענעם,
נאָר דער גענעם פון מיר איז אנטלאָפן.
קוש מיך דערפאר.

* * *

דאָ ענדיק איך זיך און ווער געבוירן ווידער,
דאָ ברענען אַלע ביימער אין גאָלדענעם האַרבסט.

דאָ געכאַפּט האָט אַ צוגווינט פון לידער
מײַן שוין טויזנט מאָל צוגעקילט האַרץ.

און נאָכאַמאָל שפּאַר איך דעם קאָפּ אין אַלע פײַערן,
און ווידער דעם ווינט פון די פעלדער איך שעפּ.

איך גלייב אין מײַן סאָף ניט, טײַערע,
מײַן אָנהייב דעם סאָף האָט איבערגעלעבט!

* * *

שטענדיק, ווען איך שרײַ,
בלײַבט נאָך איבער א ביסעלע,
וואָס כ'האָב ניט דערשריגן;
אָדער מ'האָט מיר געגאָסן
אין מויל אַרײַן בלײַ,
אָדער אַף שײַטערם בין איך
געליגן!
און דוירעס זײַנען געקומען
און מיט גלײַכגילט פאַרבײַ;
באַהאַלט די וווּנדן, ניט שרײַ,
וועסטו ניט זײַן פאַר דער וועלט
קיין כמאָרע
אין קרומען שפּיגל!
ווער בעסער א מעכאַשעף
און דערשטיק די מאַגײפע
די נײַע, וואָס זיך הוידעט
ווידער אין וויגל.
ברעך דעם הימל
און מיט דײַנע פאַרשײַטע,
אין אַלע גענעם־שײַטערם
געברענטע פליגל,
שוועב איבער דער ערד,
ווי אײביקער גײַסט,
פון אַלע דוירעס און צײַטן!
שרײַ, שרײַ!
און נאָכאַמאָל איז אַלץ
ניט דערשריגן.

## מײַן פארלעגער

ס'וועט ניט קומען אויך מאָרגן
דאָס ייִדעלע אין סערדעט אין לאנגן,
פון הינטן מיטן גרויסן שפּאלט,
מיר הייסן מײַנע לידער דערלאנגען —
און מיר אויסצאָלן מעזומען
פון זײַן רויטער פאטשיילע א מאטמען גאָלד.

די פּלייצע באם ייִדן צו א קרומע,
זעט אוים, ווי סאָף זומער
א בערגל אין א שיטערן וואלד.
נו, מיילע, זאָל ער ניט קומען.
ניט ער בא די לאצן מיך האלט...

זײַן דרוק איז געשלאָסן,
מיט דעם בלײַ פון די אויסיעס
פון זײַנע האָבן אים מינכענער דײַטשן
צעשאָסן
אין א טיפן רוסישן וואלד.

ער האָט ספאָרים געדרוקט,
מישלע און טויספעס,
וואָס מע נעמט ניט איצט אין די הענט,
זאָל ער אופשטיין און דרוקן
מײַנע פּראָסטע און הייליקע לידער,
וואָס האָבן אין אלע שײַטערס געברענט.
אל איילע אני בוויכיאָ[1].

---

[1] על אלה אני בוכיה — אף דעם וויין איך.

אױף די אויסיעס מיט נעקודעס,
אױף מײַנע לידער, װאָס רוישן,
װי אַן אומרויִקער װאַלד.
איך דינג זיך מיט אים,
מיט מײַן אַלטן פֿאַרלעגער —
און אַ פּולע פּאַטשײלע מיט טרערן
איך האַלט...
דער ייִד איז דערװײַטערט,
און אַזוי נאָענט דער שײַטער,
װוּ מ׳האָט אונדז געברענט
אין פֿינצטערן װאַלד.

# דער אופגאנג פון דער לעוואָנע

שווער אריַינטריַיבן די געדאנקען
וועגן אונדזער ציַיט אין א שטאל
און פארוקן מיט איַיזן דעם טויער,
שווער קנעטן ליים פאר קיילים
אף איַינזיַיערן פאר דוירעם
טעפ, אָנגעשטאָפּטע מיט טרויער.
בעסער לייגן א בריק פון שטיין,
צום גאָלדענעם ברעג דערלאנגען.
כ'בין היַינט אליין,
ווי די לעוואָנע, הויך און ריין
צו דער ציַיט אופגעגאנגען!

## ערד

ערד! ווּ און ווען
האָב איך זי האָבן געקענט?
דעמלט, ווען מ'האָט מיר א רידל
אַרײַנגערוקט אין די הענט,
כ'זאָל א קיווער
פאַר זיך גראָבן אַליין,
צי דעמלט, ווען דאָס גראָז
געריסן כ'האָב מיט די ציין,
צי דעמלט, ווען א טײַך
פון מײַן געוויין
פאַרגאָסן האָט די ערד
און כ'בין גראָז געוואָרן אַליין!
דעמלט האָב איך געקענט
פון פוילן הארצן זאָגן:
ערד מײַנע, איך האָב, ווי א וואלד,
פון דײַנע אייביק מיך
נאָכיאָגנדע שײַטערס
געברענט —
און איבער פיר עקן וועלט
מײַן אַש צעטראָגן!
נאָר זײַ געבענטשט
מיט פריִע טויען,
וואָס א צווייטן דאָר דו נערסט —
און וואָס זיך דערפילט
כ'האָב ווי א שפּראָצונג פון דער ערד
בא אָנהייב טאָגן.

# פרישער רעגן

מע שטייט און מע רעדט ייִדיש,
וואָס זשע, מע דאַרף זיצן?
מע קאָן זיצן, מע קאָן שטיין,
זאָל נאָר דער דונער
די אַלטע אַנגסטן צעווייען;
וועט זיך לאָזן אַ פרישער רעגן,
וועלן מיר אַרויס אים אַנטקעגן —
עפּעס האָבן מיר דאָך געלעבט
אויף אָט דער האַרבער ערד,
זאָל זי אונדז שמעקן
מיט זאַפּרען און נעגל.

## פון פײַער

א גרוס מיר געבראכט האָט די טײַערע שוואלב,
איר צארטקײַט דערפילט האָט מײַן האנט —
דו גלייבסט ניט, אז מײַן טײַער לאנד
איז געהאנגען איבער מײַן קאָפּ,
ווי א געשאָכטענע קאלב?..

א גרוס מיר געבראכט און געפּיקט ס׳הארץ,
ווי טראָגט מען אריבער דעם ווײ?!
איך האָב געווארט אַף א גאָלדענעם הארבסט —
און געטראָפן בלוט אפן שנײ.

# פאַרטאָג

א הארץ האָב איך געהאַט,
מע זאָל קעסיידער פון פּיסטאָלעטן
אין דעם קאָנען צילן.
אויגן האָב איך געהאַט,
וואָס האָבן געקאָנט
בײַ אַלע פּײַנט דאָס בלוט פאַרקילן.
אַקסל שטאַרקער פון שטיין;
א גלויבן, ווי א קאַפּאַנקע ריין,
די וועלט אױף מײַנע אַקסל קאָן שטיין.

א היים האָב איך, וואָס זי האָט
די געקאָוועטע טירן צעעפנט,
מע זאָל אין מיר
פאַרטאָג, ווי אין גארסיא לאָרקע,
מיט קיין קויל
אין קאָפּ ניט טרעפן.

## דער ערשטער בלאט

ווו שטעלט מען דיך אוועק,
ווו זעצט מען דיך אוועק,
ווו לייגט מען דיך אוועק,
מײַן מיד געוואָרן הארץ,
אז דו זאָלסט פּלוצעם מיר
ניט ארײַנפאלן
אין אייביקן שווײַגן,
גראָד איצט, ווען דער פרילינג־בלאט
פארלאטעט מײַנע וווּנדן צארט,
מיט א זון־פּאָדעם
ארײַנגעסילעט
אין גרינעם צווײַגל.

גראָד דעמלט, ווען פאר מײַנע אוויידעס
און אומהיילבארן צאר
דער הימל צאָלט
מיט לעבעדיקע פרישע טויען,
דעמלט, ווען ארויסציִען
פון זיך איך גאר
דאָס אלץ
פון דעם פארבלוטיקטן געטאָ־טויער.
פילסט, ווי אין מײַן בוזעם־קעשענע
א לעוואָנע פארוקט
איך טראָג,
סע זאָל מיר זײַן ליכטיק
געפינען מײַן מערדער —
און ער גייט ארום גראָד באטאָג —

אוּן פאַר אים בליט די ערד נאָך?!..
ווּ שטעלט מען דיך אוועק,
ווּ זעצט מען דיך אוועק,
מײַן מיד געוואָרן האַרץ,
אַז דו זאָלסט פּלוצעם מיר
צעריסן ניט ווערן?!..

# דער איין־און־צוואנציקסטער פרילינג

אויב דער אומגעבראכטער
איז געווען א קלעזמער בא ייִדן —
זאָל ער אופשטיין טכיִאס־האמייסים
און נעמען אין די הענט דעם פידל,
וועלן ציטערן וועלדער,
וועלן פעלדזן זיך שפּאלטן.

פארשאָלטן זאָל ווערן דער הענקער,
פון אלע וועלטן פארשאָלטן!
פארן טאכלעס, וואָס ער האָט געמאכט
פון די פּוילישע ייִדן.

אויב דער אומגעבראכטער
איז געווען א באלעגאָלע בא ייִדן —
זאָל ער אופשטיין טכיִאס־האמייסים
און אָנלאָדן אַף זײַן אגאָלע
הויך ביז די כמארעס
די פולע קאסטנס אש
פון מײַנע פארפּײַניקטע ברידער,
און זאָל ער טרײַבן די פערדלעך,
מעיִר לעיִר, מיקפּאר לעקפּאר,
וועלן זיך אָנטרינקען מיט טיפן צאר
גרינע בערג און גראָזיקע טאָלן.
און פאלן וועט די וויסטע קלאָלע
אפן קאָפּ פון דעם הענקער,
דעם נאָך ניט אָפּגעמעקטן פון דער ערד

און דעם שווין ניט זעענדיקן די ערד!
פארן טאכלעס, וואָס ער האָט געמאכט
פון די פוילישע ייִדן!

אויב דער אומגעבראכטער
איז געווען א שמיד בא ייִדן —
זאָל ער אופשטיין טכיִאס־האמייסים
און נאָכאמאָל מיט די הענט איַיזן ברעכן,
א פיַיער צעלייגן און געווער שמידן.
וועל איך אין פלאם פון די ווארשעווער דעכער־
דערזען די העלדישע מוירדים־ייִדן.
וועל איך זיי דערציילן, ווי דער הענקער
שארט זיך ארום הינטער פענצטער —
ענלעך צו זיַינער א טליִע.
ער וואָלט ווידער סקעלעטן סאָרטירט
אין מיַידאנעק, אָשווענטשים,
אפילע פייגל געסאמט,
וואָס צום פרילינג־בוים פליִען.

אפרעל איז אצינד,
ס׳בלוט פון מיַין דערהארגעט קינד
האָט צווויט געבוירן;
האָב איך בא יעדער צוויַיג געשווירן,
אז גלאָז וועל איך ווערן
אין דעם ברויט פון הענקער,
אליץ אים דערמאָנען, אליץ געדענקען.
א מילשטיין ווערן
און אים צעמאָלן — דעם נויקעם ווענויטער —
אז קיינמאָל זאָל די ערד
זיך נישט שווענקען אין טרערן,
אופגיין זאָל די זון איבערן קאָפּ
ל ו י ט ע ר!

7—2335

## רעקוויעם

יאָמערט און וויינט
מײַן נעשאָמע,
וויינט און יאָמערט
און פּלאַטערט;
אין אומאַן דערהאַרגעט
מ׳האָט מיר דעם טאַטן,
אין זשאַשקאָוו דערהאַרגעט
מ׳האָט מיר די מאַמע,
אין סימפעראָפּאָל
דערהאַרגעט
מ׳האָט מיר די שוועסטער,
אין קיִעוו דערהאַרגעט
מע האָט אַלע ייִדן!..
און איך אין מינסק,
פון אַלע דער לעצטער,
בין געשטראָפט
צו שרײַבן לידער.

# א שפּילקע

מײַן טײַערע, האָב אַף מיר קײן טאַרומעס,
וואָס דאָס האַרץ טוט מיר אַלץ נאָך װײ
פֿאַר אונדזער שײנעם טאָפּאָל,
וואָס צעבראָכן מ'האָט זומער,
פֿאַר אָנצינדן מיט אונדזער בלוט דעם שנײ,
פֿאַר טרײַבן קינד־און־קײט קײן טרעבלינקע,
פֿאַר אויסגלײַכן מיט דער ערד אונדזער הויז!
ס'זיצט באַ מיר טיף אין האַרץ א שפּילקע,
קום, טײַערע! נעם זי אַרויס.

# דרײַ מעשוגאָים

(געטאָ־מאָטיוו)

דרײַ מעשוגאָים זײַנען אין שטאָט לעבן געבליבן,
און אלע האָבן זיי ייִדישע לידער געשריבן,
און בא יעדן פון זיי זײַנען מאקעס געוועזן פון די לידער
אין גאָרגל.
און ווען דערזען פלעגט איינער דעם צווייטן פאר א מײַל,
פלעגט קלינגען ביזן הימל דער גוטמאָרגן.

— א גוטמאָרגן, א גוטמאָרגן!
וואָס קלערט איר טאָן ווײַטער מיט די לידער?
— איך האָב א ברודער א שיזאָפרעניק,
וועט ער הייצן דעם סאמאָוואר מיט די לידער.

— און איך האָב א שוועסטער א קראנקע,
לייענט זי, ווי פון געשריבענעם, מײַנע געדאנקען.
זי וואָלט שוין לאנג געשטאָרבן,
ווען ניט מײַנע לידער...

און איך מיט אזא גרויסן טאלאנט,
מײַן בעטל שטייט לעבן דער וואנט,
איך ווין לעבן דעם אלטן ייִדישן בעסוילעם.

די מייסים, הער איך, שושקען זיך באנאכט:
„אָט דער, ווײַזט אויס, איז דער גרעסטער גוילעם..."
און מע דריקט מיר מיט רעספעקט די האנט.

און ווי, איר זאָלט, אשטייגער, די לידער אײַערע
אין א בלאט אָפּדרוקן? —

— איר זײַט כאסוועשאָלעם פון זינען אראָפּ,
איר זענט מעסוקן!.. אין געטאָ יידישע לידער דרוקן?..

# א בלאַט אױף אַ צװײַגל

(געטאָ־מאָטיװ)

אומגליק, װיפל עטאַזשן
װעסטו אױף מײַן קאָפּ נאָך בױען,
װיפל איילן אין דער ערד
װעסטו מיך נאָך פאַרשיטן? —

כ'װיל שױן מער ניט שלעפּן
אױף מײַנע פּלײצעס
קײן פאַרבלוטיקטן געטאָ־טױער,
כ'בין גרײט אַ בלאַט
אױף אַ צװײַגל װערן
פון אַ בױם אַ צעבליטן.

אומגליק, פאָרסט נאָך אַלץ
אין דײַן אַלטן עקיפּאַזש,
און מיט מײַנע בײנער
מאָסטעט מען די װעגן!

לאָז מיך אופהײבן
אונדזערע שטעט פון אַש,
בענטש דעם פרילינג־רעגן,
װאָס די שטײנער
נאָך אַלע האַריגעם װאַשט,
די זון בא מײַן שװעל
מיט אַ ליד איך באַגעגן!

# אזקאָרע

דאָ האָט מען איבערגעשאָכטן
אַלע ייִדן פון ליטע,
געבליבן דרײַ לעבעדיקע ביימער
א י י ד ע ס.
כ'האָב צווײַגעלעך פון די ביימער
אָפּגעשניטן,
געוואָלט מיט זיי ריידן, —
שלאָגן מיך די צווײַגעלעך
איבער די אויגן:
וויאַזוי קענסטו לעבן און שווײַגן?!
ס'זײַנען די גריבער
נאָך ניט פאַרצויגן,
ס'געיאָמער פון אויפעלעך
צום הימל ניט דערפלויגן!
און ס'קרײַזט
שוין ווידער דער וואָראָן,
ווידער באַרג און טאָל
פאַרזייען מיט קוואָרים.
שרײַ איך מיט קוילע־קוילעס,
מיט ווי אין די אויגן:
ראַטעוועט דעם יונגן מוילער,
וואָס האָט צו מײַן פענצטער
זיך אָנגעבויגן.
שיסט אַראָפּ דעם קאָריטשנעווע פויגל.
א ז ק אָ ר ע!
א ז ק אָ ר ע!

# די קראָ

איך זיץ אָפּט נאָך אין יענער שטוב,
וואָס איז לאנג שוין ניטאָ,
און קוק אפן שניי דורך דער שויב,
וואָס איז לאנג שוין ניטאָ.

נאָר סע שפּרינגט אף אים, זע איך, א קִראָ,
די קראָ איז דאָך אלעמאָל דאָ,
זי קען דאָך ניט לעבן אָן רויב
און ווארט אף דער בייזער שאָ.

איך זיץ אָפּט נאָך אין יענער שטוב,
וואָס איז לאנג שוין ניטאָ,
און הער, ווי די ציַיט קלאפּט אפּן שליאך,
ווי א פערד מיט די טלאָ,
און זאָג צו מיַין מאמען, וואָס איז מער ניטאָ:
מאמע, מע מוז ווידער זיַין וואך!

איך בין ניט קיין פאם ביזן הימל אָן א דנאָ,
גענוג פֿאָיען און פֿאָיען
די אייביק פארשאָלטענע קראָ.

# א זאנג

דו לעבסט, ביסט א זאנג אין סטעפּ,
ווען ביסט יונג — טרינקסטו לויטערן טוי,
ווערסטו רײַף, דרעשן קיינעם אזוי נישט די קלעפּ,
דיך געבונדן צו די סטויגן מע שלעפּט...

נאָר דו ניט נעם זיך צום הארצן אזוי.

פאר אלץ, וואָס דו האָסט שניט־צײַט פארזוכט,
ועסט ניט בלײַבן פארן ווינט קיין פּוסטע שטרוי,
כ'וועל דיך אײַנפלעכטן אין קאָשעקל פאר פרוכט,
וואָס איך טראָג צו מײַן געליבטער פרוי.

# פון פײַער

כ'קען דאָך ניט טראָגן
אױף די אַקסל מײַן קינד,
װאָס אױסגעכאַפּט ס'האָט דער האַרבער װינט
אין אַזאַ מילכאָמע אַ װיסטער.

טראָג איך אױף די אַקסל
מײַן הילצערן טישל מיט די פיסלעך
צום הימל־רױם,
שטעל עס אַװעק אונטער אַ גרינעם בױם
און שרײַב די ליד
װעגן מײַן קינד,
װאָס אױסגעכאַפּט ס'האָט דער האַרבער װינט
אין אַזאַ מילכאָמע אַ װיסטער!

## לידער אָן א סאָף

אויך אין כאָלעם עפּל הענגען,
און דער בוים איז פול מיט שייַן.
ווייל איך דאָך, אז אָט דער כאָלעם
זאָל א ביסל לענגער זייַן...
כ׳האָב אזויפיל האלבע לידער,
טויזנט אָנהייבן אָן סאָפן, —
זיי לאָזן דען אמאָל מיך שלאָפן,
אָט די שיינע האלבע לידער?
איינע אָפּגעלייגט אף ווינטער,
ווי ס׳פארפרירן נאָר די טייַכן,
גים איך פולער אָן מייַן טינטער,
טו, אז אלץ אין שטוב זאָל לייַכטן,
און דאָס אייוועלע צעבלאָזן,
אָן א סאָף די לידער לאָזן,
טראכט איך, עפּשער איז נאָך גלייַכער?
איינע אָפּגעלייגט אף וועסנע,
ווי נאָר ס׳צעפּיקן זיך די קנאָספּן,
קומען וועט דאָס וואָרט דאָס בעסטע
דיר אליין אין פענצטער קלאַפּן.
אלע הימלען זייַנען אָפן
און מיט האָפענונג די ערד באלייַכטן,
העפלעך שטראָמען טיפסטע טייַכן,
זינגען מיט א גוטן לייַכטזין,
מיט קיין כאָלעם עס פארגלייַכן!
כ׳הייל מייַן הארץ מיט אָט דעם לייַכטזין!
טראכט איך, עפּשער איז נאָך גלייַכער,
וואָס סע האָט אזוי געטראָפן,
טויזנט אָנהייבן אָן סאָפן...

איין ליד אָפּגעלייגט אַף זומער,
ווען אַ זאַנג אין פעלד ווערט העכער,
וואָלסט די וועלט ארומגענומען,
און וועגן סאָף איז אַ פארברעכן
גאָר צו טראַכטן, גאָר צו קלערן!
ס׳צינדן זיך פאַר פרייד אָן טרערן.
איין ליד אָפּגעלייגט אַף האַרבסט,
ווען סע שמעקן רייכעס שאַרפע,
און דער בוים אין גאָרטן סאַרפּעט,
מאַכט אַ סרייפע דיר אין האַרץ —
און קיין סאָף דײַן ליד, זי דאַרף ניט...
אײַ, אַ לעבן איז דורכגעלאָפן?
און סע ענדיקט זיך די ליד,
ווייס, דאָס איז נאָך אויך קיין סאָף ניט!
צווישן אַלע אָנהייבן און סאָפן —
דו ביסט שטענדיק אין דער מיט.

# א שטראל

ווען דו זעסט אױף דער ערד
ליגט א שטראל,
שפּאַן אים ניט אַריבער.
הייב אים אױף און דײַן האַרץ
בינד שטילערהייט איבער.

דײַן האַרץ, וואָס איז קראַנק
מיט לידער און ליבע,
בינד שטילערהייט איבער
און טראָג עס צו דײַן ליבער.
און זי וועט אַלע קניפּעלעך
און קניפּן,
מיט די צײַנדעלעך און ליפּן,
גוט צעקניפּן.
דאַן זינגען אױף א קאָל
וועט דײַן האַרץ מיט ליבע.

ווען דו זעסט אױף דער ערד
ליגט א שטראל,
שפּאַן אים ניט אַריבער.

## פון אלע נאשערײַען

פון אלע נאשערײַען אױף דער װעלט
איז לעבן דאָס גרעסטע נאשערײַ;
נאָר אױך דערפון
װערט אין מויל אמאָל ביטער.
װי די בעריאָזקע אפן װינט, ניט ציטער!
גוט, װאָס ניט פארלאָשן
איבער דײַן קאָפּ איז די זון...

גײ ארױס אין ברײטן פעלד,
װאָס אָטעמט פרײַ,
לאָז דעם װינט דעם קאָפּ
דיר װאשן מיט זײַנע בלױע הענט,
ער װעט ניט אָפּברעכן דײַן צװײַג פון לעבן,
װען אײַנזאפּן דו װעסט
דעם רײעך פון דער ערד,
װאָס האָט אזױפיל צאר אױסשטײן
געקאָנט
און װידער בליט
און אפּסנײַ
מיט גרינעם װאלד,
מיט פײגל־צװיטשערײַ —
אָ, דאָס לעבן איז די גרעסטע נאשערײַ!

## גיי, מײַן װײטעק...

גיי, מײַן װײטעק, מיט דער זײַט;
האָסט שוין נישט אין מײַן האַרץ
קיין אָרט אינמיטן,
אַלע אומגליקן אָפּגעשװומען
זײַנען ערגעץ װײַט,
אַלע דערנער אין פעלד
האָב איך אויסגעשניטן.
דער פויגל אין הימל זינגט פאַרשײַט,
דער טײַך האָט זיך
פון זײַנע װײַסע קייטן באַפרײַט,
דעם גאָרטן זע איך
אַפילו אין שלאָף א צעבליטן!
גיי, מײַן װײטעק, מיט דער זײַט.

## לײַ מיר, לעבן מײַנס!..

לײַ מיר, לעבן מײַנס, א ביסעלע כאָכמע
און א טראָפּנדל גליק.
איך װעל דיר אָפּגעבן מעזומען
זונגאָלד פאר דעם דאָרנבוים,
װאָס האָט מײַן הארץ צעשטאָכן,
װען צו דײַנע פארבאָרגענע קװאלן ליכט
דאָרשטיק, װי א הירש, כ׳פלעג קומען.

לײַ מיר, לעבן מײַנס, א קװערטעלע זאפט,
דאָס פאלנדיקע צװײַגל פון בליץ
און פון דונער די קראפט!
איך האָב מײַן גאָרטן באשיצט,
און די ביימער װעט דער װיכער
שוין קיינמאָל מער ניט ברעכן...

אייביק לעבן, — װער רעכנט?

נאָר מיט דעם קװערטעלע זאפט
באגיסן דאָס גראָז איך דארף,
ס׳געזאנג פון יעדער װאָרצל דערהערן,
קעדײ מײַן זײַן און מײַן נישט װערן
זאָל איך, לעבן מײַנס, נישט פארשװעכן!

## מײַן שײַטער

איך װעל דינגען א טרעגער —
ער זאָל דעם פּראָסטיקן װינטער
מיט א שטריק איבערבינדן
און אים אָפּטראָגן אין די װײַטע בערג,
װי א שעפּעלע מע טראָגט.

איך װעל ארױס מיט אָפענעם הארץ
דעם זומער אנטקעגן,
זיך אָנטאָן אין װאלדישער גרינקײַט,
אין דורכזיכטיקן העמדל פון רעגן;
ניט באם הימל
כ׳װעל בעטן
אױסברענען פון האלדז
די ליד פון מײַן לאנגן צאָרנדיקן װעג,
װאָס פארפאָלגט מיך און פּלאָגט,
איך װעל אליין, װי א האָגל, זי טרעטן...

באנאכט װעל איך א שטערן
א רײַב טאָן אין שוך
און א שײַטער צעצינדן,
פאר די, װאָס האָבן גרויל און פינצטערניש
א גאנץ לעבן פארזוכט.
זאָל זיי ליכטיק זײַן, װי באטאָג!

מײַן מוזע װעל איך טרײַבן,
דעמבענע צװײַגעלעך קלײַבן —
ניט זיצן מיט פארלייגטע הענט,

און נײַע לידער פֿאַר מײַן דאָר —
וועל איך מיט בלוט שרײַבן,
פֿאַרן אייביקן שײַטער פֿון לעבן,
וואָס אין וואַלד מײַנעם ברענט.

## צום פּאָרטרעט פון דער נעשאָמע

אויב א נעשאָמע
איז דאָ, טאָ ווי זעט זי אויס?
אין וואָס איז זי געקליידט?
אין פּערסישן זײַד,
צי אין א לײַנען־העמד,
וואָס מע ווייקט אף אוקראַינע
אין די טײַכן אויס?..

טופליעלעך טראָגט זי
אף וועלכן אָפּצאַס,
צי אין פּאָסטעלעס גייט?
רויטע בעקלעך זי האָט,
צי ווי דער הימל
אויסגעצערט, בלאַס,
ווען די זון פארגייט?

א כאראקטער זי האָט
א ביז גאָר שווערן,
זי לײַכט, ווי א דימענט,
מיט זיבן זונען?
מיט א לאָפּעטע גראָבט זי
אין גאָרטן א ברונעם,
צי יאָגט זיך אין קאָסמאָס
נאָך איר מאזל־שטערן?
— מענטש איינער, מענטש!
די נעשאָמע
פרײַ זײַן דארף,
ווי דער הימל,

א ביסעלע פארשנייט,
ווי ווינטער די ערד.
און ס'איז אפילע
עפשער אויסגעצייכנט,
וואָס זי מע זעט ניט,
ווען זי וויינט
און ווען זי שמייכלט.

## דער הירש

כ׳בין, ווי דער הירש, וואָס פּריליִנג
פאַלן אָפּ זיינע הערנער,
ער זאָל ניט דוירעם זיין, כאָלילע,
קיין מענטש און קיין בוים
און ניט דעם הימל,
וואָס לויפט אים אנטקעגן, צעשטערנט.

כ׳בין, ווי דער הירש,
וואָס צו העכסטן בארג־שפּיץ איילט,
מיט גרינגע פיס, מיט ציטער,
אז קיין שאַרפע פייל
זאָל אין זיין דיך ניט טרעפן,
ווען די שיינקייט פון לעבן
די אויגן אזוי ריין צעעפנט!

כ׳בין, ווי דער הירש,
וואָס וויל זיך ארומזען,
ווּ ער איז אין דער וועלט,
און אלע ווייטסטע ווייטן אויסקוקן,
קיין כייע־ראָע זאָל אים ניט פארצוקן,
ווען די געפאר
אונטער צווייגן גרינע פון בוים
זיך פארשטעלט.

כ׳בין, ווי דער הירש, וואָס הארבסט
שפּראָצן ווידער זיינע הערנער;
דאָס לעבן טונקל איז און הארב,
דער הימל קלענער ווערט

און לויכט אים מער ניט —
דעמלט דער שטערן באם הירש
מיט זיסן ווײ זיך קארבט;
און ס׳נעמען שנײַדן זיך די הערנער.
הארבסט!.. ווי קאָן מען זײַן אָן הערנער?
הארבסט!.. אָן הערנער?

# די ביאָגראַפיע פון א ליד

זעליק אקסעלראָדן —
דעם פריינט און דיכטער

איין שורעלע געזאנג וויפל קאָסט? —
דאָס לעבן אָפּגעבן איז ניט טייער!
כ'האָב אליין געזען, ווי א ליד
געלעגן איז מיטן פּאָנעם אראָפּ אין גראָז
און געשאָסן אין איר האָט קאַין.

מיין דיכטער, דער גורל פאראטן האָט דיך!..
מיט דיר זאָל אזעלכעס טרעפן? —
די אייגענע אויגן אָן א טראָפּן ליכט
וואָלסטו פאר דיין היימלאנד געלאָזט,
פארן פאָלק זיך אליין די אָדערן געעפנט.

זי רוישט איבער מיר, דיין ליד, ווי א סאָד,
איר ביאָגראפיע איך קאָן ניט פארגעסן:
אָט שטייט זי אפן פּאָסט בא א מיליטערישן סקלאד,
אָט שפּילט זי א שאָך, גיט דער אלטער לעוואָנע מאט
אף די דעכער פון די מינסקער געסלעך.

פון אלע שאָטנס אויסטאָן ווען כ'וואָלט דיך געקענט —
גוט וואָלט מיטאמאָל אונדז ביידע ווערן,
דאָס אייזערנע אייוועלע וואָלט ליכטיק געברענט,
ווי אמאָל אין דער רעדאקציע „שטערן".

א קווייטעלע פייער ארום דיין ליפּ זיך געוויגט,
מישט זיך אוים מיט דיין זויבערן שמייכל:

„אָט איז דער מײלעך פּיק,
אָט איז די דאמע אײכל;
ייִנגעלע, ייִנגעלע! נעם ארום,
נאָר ניט דערשטיק".

ווי אלץ איז אין לעבן אמאָל פארקערט,
מיט דעם צאַרטסטן האָט דער אומגליק געטראָפן,
נאָר ווי א שאַרעבלאַט זע איך ליגט די ערד
און אַף איר געצייכנט דײַן פּראָפיל.

## מײַנע שיך

קיינער ווייסט מײַן ווייטעק ניט, קיינער —
ריידן מײַנע שיך מיט די שטיינער.
הער איך, ווי די שטיינער זאָגן:
געבענטשטער דיכטער,
וועסט דעם אַל דערטראָגן.

אדורכגיין דו וועסט אַלע זיבן פײַערן —
און זײַן דאָס וואָרט ועט דיר אין לייד
נאָך טײַערער...
קיינער ווייסט מײַן ווייטעק ניט, קיינער! —
ריידן מײַנע שיך מיט די שטיינער.

# אינדערפרי אין וואלד

אינדערפרי בין איך באם בוים
פארבײַגעגאנגען,
ווען די זון איז א יונגע
אין די צווײַגן געהאנגען, —
האָבן ניט אראָפּגעלאָזט זיך
צו דער האק מײַנע הענט.
בין איך געשטאנען געבלענדט
פון דער זון אין די צווײַגן, —
פארזונקען אין שווײַגן...
באטאָג האָב איך א נעסט
געפונען אין די צווײַגן,
די קליינע פײגעלעך
האָבן געפּישטשעט קוים־קוים.
האָב איך ווידער ניט געהאקט
דעם בוים.
פארנאכט איז די לעוואָנע
מיט איר לויטער פּאָנעם
אין די קרוינען געשוווּמען,
האָב איך געטראכט:
כ'וועל מאָרגן קומען...
האקן דעם בוים.
און מאָרגן כ'האָב ווידער ניט
געקענט,
די האק
איז ארויסגעפאלן פון די הענט.
דער וואלד האָט דעם פרימאָרגן
געזונגען זײַן ליד...
און די האק אפן גראָז
האָט ווי פײַער געגליט.

## יוגנט

כ׳האָב אויסגעטאָן די שיך
און נאָך דײַן שאָטן געלאָפן
טיף אין סטעפּ.
אפן ווינט האָבן געברענט
דײַנע בלאָנדע צעפּ.

אין שוך צו דער לעוואָנע
געטאָן כ׳האָב א וואָרף,
דעם צווייטן צום הילצערנעם
ברוגנעם אין דאָרף.
ס׳איז פּונקט ווי א כאָלעם
יאָגט נאָך א כאָלעם...
אף מײַן ערד איז שאָלעם,
און מיר זײַנען יונג,
און הויך, ביז דער לעוואָנע,
שטייען אין סטעפּ
— אונדזערע ווייצענע סטויגן
מיר גיורען אין זיי די קעפּ,
פארליבטע אין לעבן
ביז טרערן אין די אויגן.

# אקווארעל

אקווארעל
ווערט פון דער זון בלינד
און טייקעף שטארבט,
דאָס ניט געצוימטע טײַכל,
וואָס פון הויכע שניי־בערג רינט,
פארלירט מיטן וועג די פארב,
דער דינסטער האפט פארשווינדט,
און מיסע־מעשונע קאָלירן קומען.

אקווארעל
פון א זומער,
וואָס מאכט ליכטיק די וועלט,
ווערט פון דער זון בלינד
און אויסגעלאָשן.

און איך, פארקערט,
אָן דעם טראָפּן זון,
וואָס אין מײַן שויב זיך צינדט,
בין ניט ווערט קיין האלבן גראָשן.

# ליליעס

לאָרען

אויך די ליליע אַף באַנאַכט זיך פֿאַרמאַכט
און זיך עפֿנט גאַנצפֿרי,
פֿון איר טוי כ'וואָלט זיך אַ העמדל געמאַכט
אַ לאַנגס ביז די קני.

און געמורמלט וואָלט איך: זײַ געטלעך,
דו מײַן ערדישע ליליע,
שטאַרב ניט, ס'וועט קומען דײַן פֿרילינג!

נאָר דער ווינטער —
ער שלעפּט פֿאַרן קאָלנער דעם פֿלויט.
פּאָנעם־על־פּאָנעם
דער גאָרטן זיך זעט מיטן טויט;

אָבער קווייטן שטאַרבן ניט,
ריידן צווישן זיך אין גאָרטן די שטערן, —
אַף ווינטער אַנשלאָפֿן זיי ווערן.

# מעטאפאָרן

הירש בעריאָזקינען

ווער איז דער גרויסער יוּוועליר,
וואָס שמעלצט פון וואָרט מעטאפאָרן? —
אָן זיי איז טישעבאָוו בא מיר.

ניטאָ אין דער וועלט אזא יוּוועליר,
אַלע מענטשן אף דער ערד —
קיין טאָג ניט לעבן אָן מעטאפאָרן.

ווי אָרעם און פינצטער דאָס לאָשן
זאָל ניט זײַן, פענצטער דארפן מיר,
גלעזן מיר זיי אָן מיט מעטאפאָרן.

גייען מיר אין ווײַנקעלער,
אַלטן ווײַן פון פעסער צאפּן מיר!
שפּרינגען, ווי פייגעלעך, די מעטאפאָרן.

פאנגען מיר פיש אין יאם,
די וועגטקעס פארוואָרפן מיר —
הענגען אף די האטשיקלעך מעטאפאָרן.

פול איז די וועלט
מיט מיליאָנען מעטאפאָרן,
ניט די פעל, נאָר דאָס פיקסעלע
א לעבעדיקס דארפן מיר.

האָבן מיר ליב און דאָס האַרץ
א פּילסטרוניקע האַרפע ווערט,
שענקען מיר דער פרוי לידער
און א שאַרפעלע פון מעטאַפאָרן.

נאָר ניט פאַרטונקל קיינמאָל די זון
מיט פאַלשע אויסגעלאָשענע מעטאַפאָרן;
ס'נעמט אין א קעלט ווארפן מיך —
און שטאַרבן איך קען דערפון.

ברענג מיר, מײַן זון,
א ווענעלע פרישע מעטאַפאָרן.

# מייַן וויגל

כ׳בין געשלאָפֿן אין א וויגל,
וואָס פייגעלעך האָבן פאר מיר
פון צוויטשעריי געשטריקט,
דערפאר האָט מייַן כאָלעם פליגל
און צארטקייַט מייַן בליק.

דאָס וויגל איז געהאנגען אין וואלד
אונטער א בוים אף א שטריק,
און ס׳האָט די לעוואָנע מיט איר פוס,
ווי מייַן מאמע, ביז טאָג עס געוויגט.

# מיט מײַנע אויגן

הענגט א רעגן אױף די אויגן,
און די ערד איז אויסגעבויגן.
בערג און וועלדער,
קרומע טײַכן,
ווען מע זאָל עס אלץ אויסגלײַכן? —
כלעבן, אז סע וואָלט ניט טויגן;
אָט די ראָד פון רעגנבויגן,
וואָס איבער וועלדער
שטייט געבויגן,
און די ווינטמיל,
ווי צוגעזעצט האָט זיך א פויגל
אױף א פליגל...
ליבער פויגל,
שיינער פויגל,
ביסט א וועלט שוין אויסגעפלויגן
און געקומען
צו א קרומען
ווינטמיל־פליגל —
כלעבן, אז סע וואָלט ניט טויגן,
ווען דער פליגל איז א גלײַכער...
בערג און וועלדער, קרומע טײַכן,
ווען מע זאָל עס אלץ אויסגלײַכן:
אָט די דערפער אינעם בארג־טאָל,
פי און פערד און פײַכטע סטויגן —
כלעבן, אז סע וואָלט ניט טויגן...
בלויז דעם מענטש —
אים באַדאַרפט
מע וואָלט יאָ אויסגלײַכן,
ווײַל נאָר דעמלט
זינגט זײַן שיינקײַט,
ווען ער איז ניט אויסגעבויגן.

## א פּארקישעפּטער בוים

געפינן מיר אזא בוים,
ווי אין טשערנאָוויץ
באם וואָקזאַל,
גיב איך דיר אָפּ
ווין און רוים,
אָקסן און זעברעס
און טײַערע גיטער.

כ'האָב בא אָט דעם בוים
אנידערגעלייגט
אױף דער ערד
מײַן מידן קאָפּ,
און בא דער זײַט —
אלטע יידישע צאָרעס
א פול היטל.

איז א כאָלעם
פון די צווײַגן
צו מיר אראָפּ,
און גענומען
בלעטער שיטן.

דער פּארקישעפּטער בוים
האָט די קרוין
געוויגט,
א פליגעלע
האָט שטיל געזשומעט;
כ'האָב די אויגן פארמאכט,

דערזען די שטאָט
באַם פּרוט
א געבאַלעשטע ליגט,
ווי מע וואָלט איר
דעם האַלדז
איבערגעשניטן.
און אויף
איינער א ליימיקער גאַס
שטייט
א געלער ייִד
אויף א הויכער פּאַס
און שרייַט
ניט מיט זייַנע קויכעס:
— ייִדן!
לאָמיר בווידעק־כאָמעץ זייַן
אונדזער ווינד און וויי,
לאָמיר ארויסטראָגן
צום פּרוט
אונדזער גוירל
אויף א מיטע.

דער בוים האָט געשאָטן
אויף מיר
א פּוכיקן שניי:
דו ווייסט, ווער באַפרייַט
האָט בוקאָווינע
פון צאַר און וויי? —
א גאָלדענער רום
פון וואָראָניעזש,
מיט א קליין רויט שטערנדל
אין ווינטערדיקן היטל.

דער בוים איז געווען וואַך,
און מיר
האָט געדאַכט —
ס'א קישעף;
עפּעס הערט ער,
ווי איך קריך ארויס
פון מייַן כאָלעם,
לאָז זיך גיין
אין גערטנער,

וועלכע סע פּאָיעט
דער פּרוט.
דערמאָן זיך יעדער
שאָטנדיק הויז,
וואָס האָט בייז
דאָ געלויערט,
דעם סאָכרים־קלוב,
סע שטייט נאָך
דער מויער,
די געוועזענע טפּיסע,
ווו די דילן געוואַשן
מ׳האָט מיט בלוט.
א העלן וואָלקן
איך באַגעגן,
וואָס בלאָנדזשעט
ווײַט פון ערגעץ,
פאר אים כ׳פארנייג זיך —
אָ, עקסעלענץ!
עפשער ווייסטו, וואָלקן,
ווו אײַנגעשטאַנען
איז דאָ י.־ל. פּערעץ,
ווען די וועלט
האָט געלעבט
מיט טשערנאָוויצער
שפּראַך־קאָנפערענץ? —

אָט דאָ איז ער
די גאס דורכגעגאנגען,
אליין,
ווי א העלער וואָלקן
אויסגעגאנגען,
איבערגעלעבט
האָבן א מאבל פון פּײַער
זײַנע געזאנגען.

כ׳געזעגן זיך
מיטן העלן וואָלקן,
זוך דאָס קעלערל,
ווו דער דיכטער
איציק מאנגער
מאכן פּלעגט שעהאקל;

ווּ מוישע אַלטמאַן
און יאנקעוו שטערנבערג —
האָבן געפּלאַקערט
און געהעפּט,
העפּט נאָך העפּט,
טשערנאָוויצער
ליטעראַרישע בלעטער,
אַפן „פּאַרנאַס"
געקלעטערט.

דער העלער וואָלקן
איז ווײַט,
און דער פּרוט
זײַן ריכטונג אַלץ בײַט,
איך וויל בא אים
פּויעלן, בעטן, —
דערציילן מיר
וועגן עליִעזער שטיינבאַרג,
וואָס אַפן בעסוילעם
צווישן לעבעדיקעביימער רוט
(דער גרעסטער מעשאָלים־שרײַבער
צווישן אַלע דוירעס
ייִדישע פּאָעטן.)

ער האָט געלעבט
און געשריבן מאַמעלאָשן,
זײַן שטיינערנער טאָוול
טיילט נישט אָפּ אים
פון דער שטאָט,
וואָס איז אליין, ווי א מאָשל,
געלעגן
אין טרוימען
געשפּינט,
און דער נימשל,
ווּ איז ער,
ווײַ איז מיר און ווינד!..

אָט איז דער מאַרק־פּלאַץ
אַף מײַן פּלייצע.
גוצולן
האָבן פורלעך האָלץ

געבראַכט,
פֿרירן אונטערן הימל,
ביז שפּעט באַנאַכט,
ווייסן ניט, אַז טשערנאָוויץ —
ניט מיט האַלץ,
מיט דרײַערלעך הייצט מען.

אַלע זײַ: דער מאָלדאַוואַן,
דער גוצול,
דער ייִד
זײַנען מיט צאָרעס פֿול.
ווייטעקדיק
איז די מאָלדאַווישע
דוינע,
די ייִדישע פֿאָלקסליד,
וואָס ווי פּריסעק גליט!
— ייִדן,
ווי שעמט איר זיך ניט? —
הונדערט קרעמער
אויף איין קוינע?!..
איך וואַרף אַראָפּ
פֿון די פּלייצעס דעם מאַרק;
כ'בין צווישן קאַרשנביימער.
אין שאָטן
פֿאַרטײַעט ליגט
דאָ האַלענעשטע
פֿון יענער זײַט באַרג,
אינגאַנצן
אין בלאָטע.
ציגן עסן
פֿון דעכער די שטרוי,
מישפּאָכעס ייִדישע
וואַרטן אויף מאָעסכיטן —
ערעוו פּייסעך,
דער הימל איז טונקל־בלוי,
אַ מאַקע
דעם אַמעריקאַנער פֿעטער
דעם גוטן!..
שטיוול, שטיוול, שטיוול —
דאַרף דער גוצול.
און צאָלן?

ער קאָן בלויז צאָלן
מיט טרערן.
גאַנוועט ער צו
שטיוול א פּאָר,
ווערט מען דעם קאָפּ
גלײַך אים אָפּשערן.
גייט איבער זײַן הארץ,
ווי דער פּרוט,
ווערט פול
מיט בלוט
און פויערישע טרערן.

„שטי מאלדאוואנעשטי?"
„שטי..."
ביסט, בוקאָווינע,
ווי נײַ־געבאָרן,
ס'טוט מיר ניט באנק,
וואָס אַנידערגעלייגט
כ'האָב מײַן קאָפּ
אף דער ערד באם בוים
אין א זומער־טאָג —
א האַלב־קלאָרן.

## באַלאַדע וועגן אַשער שוואַרצמאַנס פערד

אויב ס'איז באַשערט,
און אויב כ'בין עס ווערט —
בעט איך מיר שענקען
שוואַרצמאַנס פערד.

מיט אַ גאָלדענער ליד
כ'וואָלט עס אונטערגעקאָוועט
און ניט ווי קיין פערד
דעם אָנגעטאָן קאָוועד.

געלייענט דעם אַ בוך,
ווי אַ מענטשן מע לייענט,
מיט ביטערע טרערן
דאָס פערד וואָלט געוויינט.

וויש אויס די אויגן,
ניט ברען מיר די גאַל,
ביסט, פערדעלע טײַערס,
סענטימענטאַל.

אַלע שטערבלעכע שטאַרבן,
נאָר אַזאַ טויט צו זײַן ווערט,
געדענקסט, ווי דער רײַטער
איז געפאַלן צו דר'ערד —

אין מויל אַלע לידער,
די שפּיז אין דער האַנט,

ביסט, פערדעלע טײַערס,
נאָך טעמפּ אין פארשטאנד.

הער אוים מיט סייכל,
אויב דו האָסט נאָר א קאָפּ,
אז א מענטש גיט דאָס לעבן
אפן שלאכטפעלד אָפּ,

איז עס קיין שפּילכל,
גאָט באהיט,
דאָס הייסט, אז באם הארצן
האָט שטארק אים געבריט.

געפאר האָט געלאָקערט
אף זײַן היים, אף זײַן טרוים,
האָט ער דעמלט צעריסן
אף דיר די צוים,

וואָלקנס צעטראָטן
און פּעטליורישע קעפּ.
דער טויט האָט אים טאנצן
א פּאָלקע געשלעפּט...

אין בלוט אָפּגעגאנגען
אינעם הארבסטיקן פעלד,
א שטערן געוואָרן
שיין ווי די וועלט.

איך האָב גאָרניט געוווּסט:
ווען א דיכטער קומט אום,
ווערט דאָס גאנצע פעלד
א טויִקע בלום...

פערדעלע, פערד מײַנס,
געלערנט פערד,
מיטן פּוס טו א טופּע
אין אָט דער ערד,

טו א הירזשע הויך,
ווי דו קענסט, אף א קאָל,

קיין פײַער ניט אויסברעכן
זאָל שוין קיינמאָל.

מײַן היים און מײַן טרוים
זאָל יונג זײַן און שיין,
קיין דיכטער זאָל קיינמאָל
אף מילכאָמע ניט גיין!!

און טאָמער, כאָלילע,
איז יאָ באשערט, —
בעט איך מיר שענקען
שווארצמאנס פערד.

# ליכט

(באלאדע)

מיר האָט זיך געכאָלעמט, סע מארשירט
א ראָטע אָנגעצונדענע ליכט
און זייער קאָמאנדיר בין איך,
קום אין פונקט „נ״ פארטאָג זייגער פיר
און צעשטעל די סאָלדאטן אין הײַזער.

פינצטער אין פונקט „נ״ —
דער הימל, ווי א זייגער אָן ווײַזער
איבערן שטעטל הענגט,
און ווי ציפער אין קרײַז די הײַזער,
ציטערן, ס׳זאָל גאָרניט געשען.

איינס־צוויי, מיט געסל און מארק;
כ׳פארווער ביז טאָג פארלאָשן ווערן,
פלאמען דאָס פײַער זאָל מער נאָך שטארק,
ביזן אופגיין פון מאָרגנשטערן.

קיין סרייפע ניט מאכן, גאָט באהיט,
מיט דער באפעלקערונג זײַן העפלעך.
פײַער אין יעדער פענצטערל בליט,
נאָר וואָס האָט געקענט טרעפן? —

קיין מענטש און קיין פערד,
קיין הון און קיין קאץ —
גיב א רענדל א נעפעש געפינען;

זײַ העפלעך צו דער פּוסטקייַט,
קיינער וווינט דאָ ניט מער? —
אָן אויסגעשאָכטן שטעטל, באַגינען!
דאָרט, ווו דער מיל־טײַך רינט,
ווו אַ ראָד זיך דרייט אין טרערן, —
כ׳פיר מײַן ראָטע. ס׳פײַער זיך צינדט,
אַזוי לויטער ווי דער מאָרגנשטערן.

„וו רוזשיאָ!״ און אַף לעבן און טויט
יאָגט מײַן ראָטע דעם פײַנט דעם פאַרדעכטיקן,
דער העל־בלויער טײַך שלענגלט זיך רויט,
און דאָרטן מיר נעכטיקן.

מיר האָט זיך געכאָלעמט, סע מאַרשירט
אַ ראָטע אָנגעצונדענע ליכט
מיט אַ ליד פון בעסטן זאַפּעוואַלע,
דער וועג פון דער וואָלטאַווע ביזן רײַן פירט,
און דאָרטן כ׳בין אין שלאַכט געפאַלן.

געפאַלן, פאַרלאָשן און ווידער איך ברען;
איך לעב אין אָט דער באַלאַדע
מיט מײַן ראָטע ליכט אין פּונקט „נ״ —
און ס׳שטעטל באַם טײַך געדענקט איר אוואַדע?!

# דער סאָלדאַט און דאָס גראָז

ווי א סאָלדאַט מיט א פאַרוואַקסענער באָרד,
איז געלעגן דאָס פעלד
און האָט געשמאַכט,
מיר האָבן געשלאָגן זיך דאָרט
באַטאָג און באַנאַכט.

באַנאַכט איז דאָס פעלד רויט,
באַטאָג, ווי א בעסוילעם, טויט!

די היץ האָט געברענט,
ביזן וואָרצל דאָס גראָז אויסגעדאַרט;

מיר האָבן אַף א רעגן,
אַף א רעגן מיט דער נעשאָמע געוואַרט...

דעם שווער־פאַרוואונדעטן הימל
געשאָלטן און קיין טראָפּן
אויסבעטן בא אים ניט געקאָנט.

פּלוצעם האָב איך באַמערקט אין טיפן פעלד
א גרעזעלע שטאַרבט פון היץ,
דערבײַ א סאָלדאַט פון אונדזער ראָטע זיצט
און מיט די טראָפּנדלעך שווייס פון זײַן שטערן
דאָס גרעזעלע פּאָיעט.
איך האָב געזען, ווי ס'האָט אופגעלעבט,
און דער טויט
האָט אין פעלד
געלויערט.

## אפן פּאָסט

אמאָל בין איך מיר געשטאַנען אפן פּאָסט
אין א פּעלץ א ווייַסן, ווי דער פראָסט.

און ס'האָבן זיך מיר דייַטשן געדאכט,
דייַטשן, דייַטשן, דייַטשן א גאַנצע נאכט.

זיי האָבן שוין לאַנג דעם וואַיַוואַך געמאַכט —
נאָר געקלונגען מייַן קאָל האָט: ווער גייט עס,
שטיי!
אוועקלייגן דעם טויט כ'וואָלט געקאָנט אפן שניי...
דער הימל ארומגעשוווּמען איז מיט שטערן
און דעם וואלד מיט שייַן באַגאָסן.
איך האָב א שאָרך דערהערט און אויסגעשאָסן:
דערזען די לעוואָנע אף א בוים מיט בלוט פארגאָסן,
ביז טאָג האָב איך געוויינט מיט הייסע טרערן.

# דאָס טעלערל זאַלץ

אונדז האָט גאָרניט געפעלט,
געהאט מיר האָבן אַלץ:
סײַ ברויט
און סײַ פּאַטראָנעס.
און אין פעלד, אין דער הייך,
ווי א טעלערל זאַלץ,
האָט זיך איבערגעקערט
די לעוואָנע.

מיט שטאָל און מיט כאַיִל
נעגורט איז דאָס פעלד,
דער פּײַנט האָט אין קלעם
אונדז געבונדן,
מע וואָלט טונקען דאָס ברויט,
נאָר זאַלץ האָט געפעלט,
און דער וועג און די וועלט
איז אונטערגעצונדן.

און שוין וואָכן אזוי
פון גרוב צו גרוב
מיר פּויזען ארום
אין קרײַז דעם ענגן,
קיין גרײַפּעלע זאַלץ
פּארן קעסעלע זופּ
וועט קיינער אהער
דיר ניט ברענגען.

די נאכט קומט אראָפּ,
הערשט און באפעלט,
און אונטער די ציינער
זיך וואָרצלען די ווייען.
פון אונטער פּאָדעשווע
דעם סקריפּ פון שנייען
מע הערט און מע קוקט,
צי סע איז ניט קיין זאלץ.

ווען מע וואָלט איצט געקאָנט
פארגעסן אין אלץ,
בלויז פון א מאנעלע זאלץ
דעם טאם זיך דערמאָנען.

און אין פעלד, אין דער הייך,
ווי א טעלערל זאלץ,
האָט זיך איבערגעקערט
די לעוואָנע.

# אין פעלד

צווישן צוויי וועלטן
בין איך געלעגן.
און ס'האָט מיך געוואַשן
דער האַרבסטיקער רעגן.

ס'איז נימעס געוואָרן
אַזוי לאַנג מיר צו שטאַרבן
אין גראָז אין געלן,
אין פעלד אין האַרבן.

האָט מיך אַ כאָלעם
אַוועקגעטראָגן,
דאָס פעלד איז געלעגן,
געוואַרט, ס'זאָל טאָגן.

פֿייַערלעך, פֿייַערלעך
איבער מייַן קאָפּ,
וואַרף מיך, מייַן כאָלעם,
פון די הענט ניט אַראָפּ.

געלאָזן אַ קינד כ'האָב
מיט העל־בלויע אויגן.
אַ ליד אויפגעשריבן
אויף אַ ליכטיקן בויגן.

ניט אָפּוואַשן זאָל עס,
כאָלילע, דער רעגן,

צווישן צוויי וועלטן
בין איך געלעגן.

מײַן ביקס לעבן מיר
שוין אינגאנצן פארלאָשן,
מײַן ברוסט מיט פאָנטאנען
בלוט האָט געשאָסן.

ס'טרעפט אזוי ווינציק,
ס'טרעפט אזוי זעלטן —
א טאָטער א כאוועך
צווישן צוויי וועלטן

האָט מיך אויסגעפונען
שוין א שטילן קימאט,
מײַן טאָטער, מײַן כאָלעם
צוויי פיס האָט געהאט.

און לײַכט זיך געטראָגן
מיט מיר אין דער נאכט,
די נאכט, ווי דער טאָטער,
האָט מיט שטערן געלאכט...

צוויי אויגן בריליאנטן
און שניי־ווײַסע ציין,
צופוס קיין קאזאן
וועל איך אמאָל גיין.

ער האָט דאָרט א שטיבל,
א מוטער, א קינד,
אים דעם הימל כ'וועל ברענגען —
דעם אָטעם פון ווינט.

# מײַן פֿייגעלע

אך, מײַן פֿייגעלע!.. מײַן אָנגעבידעװעטע ליד,
װילסט אַלץ נאָך אַ נעסט פֿלעכטן? —

דאָ אויפֿן בוים, װוּ די האַק האָט נעכטן
די צװײַגן געשונדן, געטריבן דעם צװיט.

דאָ, װוּ אַװעק איז מיטן פֿײַער
דער דאַך און די סטרעכע.

דאָ, װוּ קיין פֿעדערל פֿון דײַן קינד
געבליבן איז ניט.

ענטפֿערט דאָס פֿייגעלע: נאַרישער ייִד,
דאָ נאָר מײַן נעסט װעל איך פֿלעכטן,
װוּ די פֿליגל איך האָב אָפּגעבריט.

## מײַן טײַבעלע

גיי, מײַן טײַבעלע,
לייג זיך שלאָפֿן,
ס׳איז מײַן הארץ
שוין אויסגעלאָפֿן,
ווי די מילך
אפֿן פֿײַער,
אפֿן פֿײַער,
וואָס דו צינדסט.
גיי, מײַן קינד,
לייג זיך שלאָפֿן,
לאָז די פֿענצטער
צום גאָרטן אָפֿן,
ס׳בלאָזט א פֿרילינג־ווינט —
בייגט די צווײַגעלעך
און הוידעט,
וועגן דיר און מיר
זיך סוידעט,
אז מיר זײַנען ניט געניט,
און דערפֿאר
זיך אָפּגעבריט...
וועלן מיר שוין איצט
איניינעם,
אף צעפּיקעניש די שכיינים
לעבן גליקלעך
און באנאנד,
צי מיר אוים

דײַן קלײנע האנט...
גײ, מײַן טײַבעלע,
לײג זיך שלאָפֿן,
לאָז א ביסעלע צורו.

## דאַרשט

כ׳האָב זיך אָפּגעבריט די ליפּן מיט א שטערן,
כ׳האָב געוואָלט וויסן, צי ער איז הייס.
איצט קאָן איך דיר בא מײַן לעבן שווערן,
ווי מיט פײַער זיך מע שפּילט איך וויים...

געלאָזט זיך געטלעכקײַט כ׳האָב זוכן,
און זוכן איז מיר דען פארווערט?
פון מײַן טרוים א קערנדל פארזוכן —
כ׳בין ניט צוגעקאָוועט צו דער ערד.

כ׳וועל זיך מיט אויסדויער באהערשן,
כאָטש א בייזער ווינט אין אויער פײַפט...
אויב א פײַער? — שיק מיך דעם ערשטן,
כ׳בין זיך מאקרעוו זײַן שוין רײַף!

## א ברענענדיק פענצטער

איך שטיי און איך זע,
ווי מע צענעמט די וועלט
אזוי, ווי אן אלטן כליוו,
טוט עס אוואדע מיר באנק
און אזא שניט
באם הארצן טיף, —
האָט איר דען, ראָצכים,
אן אנדער וועלט?

איך שטיי און איך זע,
מ'איז שוין אפן דאך,
מע רײַסט אָפּ דעם בוידעם,
מע וואלגערט די ווענט, —
האָט איר דען, ראָצכים,
אן אנדער בוידעם?

איך שטיי און איך זע,
א פײַער ברענט,
טיר און פענצטער
מיט האק און לאָם מע צעשלאָגט, —
האָט איר דען, ראָצכים,
אנדערע טירן און פענצטער,
סע זאָל ארײַן דער טאָג?

א ברענענדיק פענצטער
איך כאפּ און טראָג,
כ'וועל עס לעשן באם טײַך
אונטער דער בריק,

נאָר זאָג מיר, ווער יאָגט
די וועלט צו אומקום און טויט,
עפּשער קאָן מען אַלץ אומקערן
דעם אייגענעם וועג צוריק?

און כאָטש ס׳איז אַ כאָלעם,
וואָס פּאָטער פון אים
כ׳קאָן ניט ווערן,
פאַרלעש איך די סרייפע
מיט מײַנע הייסע טרערן,
ביז אין מײַן פענצטער
צום זומער־גאָרטן
שיסט אויס אין הימל
דעם מאָרגנשטערן.

# דאָס העמד

ווי מע דרייט אויס א העמד
און מע שלאָגט עס אין שטיין,
האָט דאָס לעבן אזוי מיך
אויסגעדרייט און געשלאָגן;

געהאנגען אף א שטריק
כ'בין מיט צעשפּרייטע הענט,
און ס'האָבן איבער מײַן קאָפּ
וואָראָנעס זיך געטראָגן.

# טאָג

אוי, ווּ איַילסטו זיך, מײַן לעבן?
עמעץ פּעלשט מיר אין דער וואָג.
אלעמאָל די זעלבע פּלאָג,
ס׳פּעלט מיר אוים א שטיקל טאָג,
כ׳קאָן קיין אייצע זיך ניט געבן!
אוי, ווּ איַילסטו זיך, מײַן לעבן?
ניט דערמאָסטן, ניט דערוווּיגן!
עפּעס ווי אומיסטן ניט דערזאָגט.
ס׳פּארגיסט מיט שײַן די זון די אויגן
און זאָגט צו מיר א גוטן טאָג!
צינד א לאָמפּ אָן אפן דאך,
די לעוואָנע ווארט אין סכאך,
זיץ און פּײַל דאָס וואָרט און רייניק,
ס׳איז געבליבן ניט קיין סאך.
לאָזט זיך אוים, א לאנגע נאכט,
איז זי אויך מיר קורץ און ווייניק.
כ׳קאָן קיין אייצע זיך ניט געבן,
אוי, ווּ איַילסטו זיך, מײַן לעבן?
ס׳טאָגט שוין ווידער אפן דאך,
און אזוי דאָס גאנצע לעבן.

# דענקמאָל

שמועל האלקינען

כ'ווייס ניט, ווי מיט דיר צו ריידן —
זינט ביסט כליעבניקאָווס א שאָכן[1],
זיך גענומען אין שטיין באַקליידן,
אויך אפילע אינדערוואָכן;
זיך א ביסעלע אפילע גרויסן,
יעדעס וואָרט אף גאָלד צו וועגן —
און אליין דו שטייסט אין דרויסן
אונטער קאלטן שניי און רעגן.
זיצט א ליד בא דיר אין גומען,
נעם פארשרײַב זי מיט א ריטל.
מיך געלערנט האָסט, ניט היטן
כ'זאָל דאָס האַרץ, ווען לידער קומען.
טונק די פען אין טוי פון קווייטן,
קוואָרים־קווייטן זײַנען ביטער,
לאנג וועל איך אָט דעם ווייטעק
אין די שורעס מײַנע היטן.
שיק אונדז צו א ליד — כאָטש איינע,
אָן אגאדטע, צי א פריטשע,
בא דײַן לידער־קוואל דעם ריינעם
נעכטיק איך אף נאָוואָדעוויטשע.
כ'זע, סע לויכט אזוי דײַן פּאָנעם,
פייגעלעך אין הימל צוויטשען
אונטער א לעבעדיקער לעוואָנע.

[1] די מאַציווע פון שמועל האַלקינען שטייט בישכיינעס מיט דער מאַציווע פון דעם רוסישן דיכטער וועלימיר כליעבניקאָוו.

גרויס אליין, און גרויס דײַן שאָכן,
נאָר ביסט שטום געוואָרן, לײדער!
ס'איז מײַן צונג אזוי צעבראָכן,
און איך קאָן מיט דיר ניט ריידן.

# וואָס פאַר א זעקעלע?

**דער יאַם פון רעכילעס קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד ווערט אַלץ ניט שטילער**

**(פון צײַטונגען).**

וואָס פאַר א זעקעלע
נייט מען אויף
פאַר דער נעשאָמע,
אז איך זאָל זי קענען
איבערפירן
דורכן קויטיקן יאַם?
א זעקעלע
פון פײַער
ניי אויף פאַר דער נעשאָמע,
וועסטו קאָנען
זי איבערפירן
דורכן קויטיקן יאַם.

מיט וואָס פאַר א פאָדעם
דאָס זעקעלע
פאַרבינדן
און פאַרקניפּן
באַם איבערפירן די נעשאָמע
דורכן קויטיקן יאַם?
מיט א בלוט־פאָדעם
א רויטן
פאַרבינדן
און פאַרקניפּן

דאָס זעקעלע
פון פײַער
באַם איבערפירן די נעשאָמע
דורכן קויטיקן יאַם.

## שמעטערלינגען

ניט קיין שמעטערלינגען
פארשטעלן אונדז די אויגן —
דושנע הימלען,
פול מיט זארגן.
זעסט, ווי די הארמאטן
האבן די העלדזער אויסגעצויגן,
צילן אין פרימארגן!
די קעסעלעך בא סאלדאטן
קלינגען,
קלינגען!
...איך בין נאך א יינגל,
ווייל, א שמעטערלינג זאל
אין קעסטעלע ליגן
בא מיר פארשלאסן.
שפעטער כ'האב מיט טרערן
זיך באגאסן,
ווען אליין אין קעסטעלע געלעגן.
כ'האב ליב שוועבן
נאך די שמעטערלינגען,
וואס אין גארטן פליען.
קיין מילכאמע
זאל ניט אויסכאפן דאס לעבן,
ביז דער שטויב
פון שמעטערלינגען
זיצט אף מיינע וויעס...

## די ערד און דער רעגנבויגן

אף שטעלן א שטוב — קויף ערד!
לעבסט, דארפסטו ערד.
שטארבסט, דארפסטו ערד,
מײַן וואָר און מײַן כאָלעם — די ערד,
מײַן געזאַנג און מײַן לעבן — די ערד,
מײַן יוגנט און מײַן עלטער — די ערד!

אפילע דער רעגנבויגן
וואָלט אויך אומגעפאלן,
ווען ניט די ערד.
און אויב דו זעסט דעם רעגנבויגן
אין טיפן הימל שטארבן —
איז עס אויך צוליב דער ערד,
זי זאָל לעבן אין זײַנע פארבן...

# א טפילע

מײַן אלט הארץ, מײַן לידער־אויצער שענסטער!
נעם עס בא מיר ניט ארויס,
ווי א שויב פון א פענצטער,
און פלאַנץ מיר קיין בעסערס ניט אײַן,
דאָס אייגענע, דאָס אלטע, הארץ געזונט
זאָל מיר זײַן!
מיט א פרעמד הארץ... אין שאָ דער הארבער,
ווען פארן פאָלק א קאָרבן פאלן איך וועל —
וועט נאָר דאָס אייגענע קאָנען ליכטיק שטארבן,
אויסזינגענדיק די ריינסטע ליד דער וועלט!
און דאָס פרעמדע הארץ, כאָס־וועכאָלילע,
קאָן נאָך אומברענגען מײַן טפילע.

## איך בין א גאָרטן

ווען כ'רוף צונויף
אַלע מײַנע ווינטערס —
ווער איך א הויכער בארג שניי,
נאָר וואָס דאַרף איך זיי —
יענע ווינטערס,
פול מיט צאָרן און וויי?
כ'וועל צונויפרופן
אַלע מײַנע זומערס,
ווער איך א גאָרטן
א צעגרינטער
מיט צוויט
אויף די צווײַגן, ווי שניי.

די האַרבסטן,
וואָס האָבן מיך
געעלטערט,
צווײַגן אָנגעבראָכן
אַרום די אויגן,
וואָס דאַרף איך זיי?
די פאַרשוועכטע זון,
וואָס האָט א מויל
וואַסער אָנגענומען,
ווען דער טויט
האָט איבער מײַן פאָלק
געוועלטיקט,
מיך געקײַקלט
איבער דער ערד
אין א בלוטיקן שניי!
די לעוואָנע,

וואָס האָט אויך מיך,
ווי א לאָזע,
געבויגן,
וואָס דאַרף איך אַזא ווײ?
כ׳וועל מיט א ליד
צערײַסן אַלע וואָלקן־געוועבן,
מיט ערשטן דונער
פון פרילינג
דיך צעצינדן, מײַן לעבן, —
איך בין א גאָרטן —
גאָרניט קיין בארג שניי!

## צום ווײַב פון פּאָעט

וואָס זאָל איך דיר, מײַן ווײַב, אָנטאָן אצינד? —
דעם אַלעפּבײַס, וואָס דער ווינט
יאָגט איבער דער ערד?..

מײַן מיט בלוט אויסגעוועבט געזאַנג,
וואָס וועט זײַן אויף דיר א ביסעלע צו לאַנג,
זיך שלעפּן בא דיר ביז דר'ערד?

צי אָנטאָן דיך אין דעם פרימאָרגן
פון מײַן היים, אָן וועלכער בלינד מע ווערט? —

טו אָן פון ריינעם הימל ס'ליכטיקע קלייד,
מיט מײַן ליד, ווי מיט א שלענגעלע פון גאָלד,
דעם האַלדז־שניט פאַרשפּיליע.

דײַן קלייד מיט שאַרפע בליצן אויסגענייט,
געזוימט האָסטו אין מינסקער וואַלד,
באַנײַען עס געוואָלט דאַפקע פרילינג!

אָנטאָן אין זון וועל איך דיך, מײַן קוויט,
זאָלסט ניט זײַן בא מיר אזוי אויסגעלאָשן;
און טאָמער איז זי דיר
א ביסעלע ניט צו דער מאָס,
וועל איך דיך אָנטאָן אין מײַן טײַער לאָשן!

## א שפּאַציר איבער אַלט־ריגע

אין די אַלטע געסלעך די ריגער
ווען שלאָפן אין דרויסן מע זאָל —
איז נאָר אין דער לענג,
ס'איז א קנאַפּער פאַרגעניגן;

דאָ שמעקט מיט טשאָלנט־טעם
פון פיר הונדערט יאָר צוריק,
דאָ שלאָגט זיך אָפּ א ניגן
אין די ווענט פון שטיינערנעם אמאָל
און מיט גרויסקייט לעשט מײַן בליק,
ווי אין א קרענעצע מיך שלעפּט.

דאָ האָבן אונדזערע זיידעס
זיך געפּרוכפּערט און געמערט,
געטראָגן פּלאַמיקע האַלדזטיכער
און לאַפּסערדאַקן ביז דער ערד,
מאַטבייעס אפן „שוואַרצן טאָג" געקליבן.
און וואָס איז פאַר דוירעס געבליבן?
א שאַרפקאַנטיקער לאַמטערן,
וואָס באַם ראָג זיך וויגט פון ווינט
און זעט אויס ווי א טינטער אָן טינט,
וואָס איז ביזן דנאָ אויסגעשריבן!

## ווילנער פארנאכטן

כ'געפין נישט דעם טויער,
ווו געקושט האָט מיך לייע רודניצקע[1] —
לייג איך אוועק קווייטן
בא א באַליביקן טויער.
דאָס איז פאר לייע רודניצקע!

קאָן זײַן, ניט דאָ ליגט מײַן טרויער,
כ'ווייס ניט די גאס און דעם נומער.
זאָל איך עפשער אליין, ווי א טויער,
זיך פארשליסן אויף הײַנטיקן זומער? —
ניט ארײַנלאָזן אין אים קיין טרויער.

דער הימל איז אזא בלויער
און די אסטרעס מיט טויען בליצן,
וואָס שוויַיגסטו, אײַזערנער טויער,
ווו איז לייע רודניצקע?

עפשער דאָרט, ווו מ'האָט די ייִדן
אף פּאָנאר אין וואלד פארטיליקט?
די הויט איך רײַס אף זיך פרילינג,
נאָר בלי, ווי א בוים, דאָ ווידער.

---

[1] לייע רודניצקע איז געווען א דיכטערן, געלעבט אין ליטע. אין 1940 זיך באזעצט אין ווילנע. געארבעט אין „ווילנער עמעס". דורכגעמאכט די ליידן פון ווילנער געטאָ און אומגעבראכט געוואָרן דורך די נאצי־מערדער צוזאמען מיט די ווילנער ייִדן.

דער דיכטער מאָטל גרוביאן האָט זיך באקענט מיט לייע רודניצקען אין 1941, ווען ער איז געקומען קיין ווילנע אף א ליטעראַרישן אָוונט. — רעד.

ווּ איז לייע רודניצקע,
אירע פינגער, אירע לידער?

ס'פארכאפּט מיך שטארק דער אָטעם,
וואָלט איך געווען אַן אָדלער —
פאַל איך פון בערג אין טהאָמען לידן,
ווען ליטע האָט אין בלוט זיך געבאָדן,
האָבן די שיינע ווילנער מיידלעך
זיך אליין אופגעריסן מיט גראנאטן,
אָט די שטיינער אין גאס צו באשיצן —
פרעג איך בא די ווילנער שטיינער,
ווּ איז לייע רודניצקע?

כ'האָב זיכער פארביטן דעם טויער,
די אסטרעס, די ליליעס צעשאָטן,
פארשליסן זיך כ'וועל, ווי א טויער,
אריַין אין אים איז פארבאָטן —
ניט אריַינלאָזן אין אים קיין טרויער!

דער הימל איז היַינט אזא בלויער,
איך קאָן זיך פון אים נישט באשיצן,
אין יעדער ווילנער טויער —
אסטרעס און לייע רודניצקע.

## מײַן שטאָם

צום וואַלד פֿון מײַנע הייליקע מאַנוסקריפּטן,
אויב פֿאַרבלאָנדזשען וועסט אַמאָל,
און טרוקן ווערן וועט בײַ דיר אין גומען,
און ברענען וועלן דײַנע ליפּן,
ווי פֿון שטרוי אין אָנגעצונדענע שטאַל, —
גיי אַוועק מיט יענע גרויסע וועגן,
וואָס מײַן קינדעריש פֿיסל האָט אויסגעטראָטן,
זאָל דײַן האַרץ בײַ דיר קלאַפּן, ווי אַ רעגן,
ווו יעדער בוים און צווײַגל
איז גרייט צו זײַן פֿאַר דיר אַ שאָטן,
דאָרט וועסטו אויסגראָבן וואַסער, ווי קרישטאָל,
ווײַל אויך דאָס וואַסער אין דער ערד וויל ניט שווײַגן.

נאָכדעם גיי אַהין, ווו ווילד פֿאַרשײַט
דײַן יוגנט צווישן דעמב האָט געפֿלאַמט,
דאָרט טרעפֿן וועסטו אַ ברונעם,
מיט ליבע און סינע געלײַטערט,
טרינק פֿון אים, ער איז ניט פֿאַרסאַמט.

נאָכדעם גיי אַ ביסעלע ווײַטער,
וועסטו טרעפֿן הייסן אַש פֿון שײַטערס,
ווו מע האָט געברענט און געבראָטן מײַן שטאַם.

דאָרט, נישט פֿון קיין ברונעם,
פֿון טיפֿסטן צאַר און לײַדן וועסטו לעשן די ליפּן,
דאָרט שוימט אויך פֿון גוואַרע דער יאַם...
קום אַרײַן אין דעם וואַלד
פֿון מײַנע הייליקע מאַנוסקריפּטן!

# וואגאָנען

וואגאָנען, וואגאָנען
מיט ווײַבער און קינדער,
די הענט צו די גראטעס —
זומער און ווינטער.
וווּהין פירט מען,
וווּהין טרײַבט מען
אזויפיל וואגאָנען?..
אָן עסן מעסלעסן
אין פעלד געשטאנען,
וואגאָנען, וואגאָנען —
טאטעס און מאמעס
דאָרשטיקע כליאָנען,
זופּן פון דלאָניעס
ס'לעצטע ביסל לעוואָנע.
יעדער טראנספּאָרט,
געשטאָפּט מיט נעשאָמעס,
יאָגט אין דער נאכט —
וווּהין און פונוואנען?
בא די גראטעס נעשאָמעס,
בא די ווענט נעשאָמעס,
בא דער סטעליע נעשאָמעס!
קיין גופים מע זעט ניט,
מע פאלט,
ווי מאציייוועס
פון וויכער געבויגן.
נעשאָמעס, נעשאָמעס,
און אלע מיט אויגן...
מע שטייט, ווי די בעהיימעס,

מע ליגט, ווי די קלעצער,
סע פאלט אָן אן איימע
אין רעגעס
די לעצטע.
די נאכט אויסגעזויגן,
און גאָרניט פארשטאנען!
אהין פירט מען מענטשן,
צוריק — די וואגאָנען
מיט קינדערשע שיכלעך,
מיט מיידלשע צעפּ.
אף אלע פּעראָנען
קאסטנס מאלבושים
און ציין פון מיליאָנען
קיין דײַטשלאנד מע שלעפּט.
בלויז סאָרע,
מײַן שוועסטער,
האָט מער ניט געדארפט,
קיין שיך, קיין קלייד,
קיין שאלעכל —
א באָרוועסע איז זי
אין הימל אוועק.

פײַער אף די אקסל
און אפן קאָפּ א רויך
א וואָלינער...
ביז איצט שיט אש מיר
אין די אויגן דער הימל!
כ'וועל אייביק געדענקען,
ניט אופהערן מאָנען,
פאר טירן פארהאקטע
אין די שכיטע־וואגאָנען.
פאראן נאָך ביז איצט
זײַנען גרויסע באלאָנים
צו ווערן „קאָנדוקטאָרס"
פון אזעלכע וואגאָנען.

וואגאָנען, וואגאָנען!
צווישן שטעכיקן דראָט
וויינט מיט בלוט
די רווישכוידעש־לעוואָנע,
מע פירט און מע פירט

די גאַז־ציקלאָנען —
ס'העלפט ניט קיין טפילע,
ס'העלפט ניט קיין טאָנעס.
די רעלסן זיך וואַרגן
מיט נײַע וואַגאָנען,
מע סאַמט און מע הארגעט,
ווער ווייסט, ביזוואַנען? —
וואַגאָנען, וואַגאָנען!

# דאָס געטאָ־קינד

פוןביידע זײַטן איז מײַן האריץ
מיט בלוט פארשריבן, —
איך בין אָנגעטאָן אין א פײַער־העמד,
ווי דאָס געטאָ־קינד, איך פיבער,
ס'איז אין מײַן זיקאָרן לעבן געבליבן.

איך זע איין ברעם,
וואָס זעט אויס, ווי זי וואָלט ערגעץ געלאָפן,
די צווייטע, ווי זײַן טאטנס פלייצע, אויסגעבויגן,
ווען מ'האָט אים צום אויוון געטריבן
ניט פארבונדן אפילע די אויגן!..

יינגעלע! שוין צוואנציק יאָר,
אז דו לאָזט מיך ניט שלאָפן!

יינגעלע! ס'איז עמעס, אז בעשאס
א מאָלער נעמט מאָלן דײַנע האָר, דײַנע אויגן,
ווערט ער אליין א בארג אש?!..

# א בלימעלע

דו פרעגסט מיך, וויִאזוי
האָט אויסגעזען דער טויט,
אין וועלכע קליידער איז ער
אָנגעטאָן געגאַנגען?
און צי זײַנען די אויגן
בא אים געווען בעמעס רויט?
— אין שטיוול פון מענטשלעכער הויט
איז ער אָנגעטאָן געגאַנגען.
און איך — אין צאַר
פון מײַן פֿאָלק,
אין א פּראַק פון אש,
אין א הוט פון בלוט.

דו פרעגסט מיך,
צי איז טרעפן זיך מיטן פײַנט
אויג אף אויג גוט?
— גוט, ווען פּאַטראָנעס
זײַנען דאָ אין טאַש
און ווען פון אונדזער זײַט
ברומט די קאַנאָנאַדע,
און די פּעכאָטע
צוהילף קומט
און א בלימעלע זיך באַטויעט
מיט דײַן טראָפּן בלוט,
שרײַט צו דיר: — געזונט, געזונט!
ניט צינדט, ניט ברענט,
ניט רייכערט דאָס פעלד,
איך בין פאַרטשאַדעט!

זאָג, אַז כ׳בין ניט
קיין לעבעדיקער העלד? —
וועט דיר ניט מוחל זײַן
דער הימל.
אין דעם רעכטן קעשענקעלע
פון מײַן פראַק
פון גרויען אַש
האָב איך אַרײַנגעשטעלט
דאָס בלוטיקע בלימל.

## באם אַרײַנגאַנג אין „דוש“

נאַקעטע, נאַקעטע, נאַקעטע!
אַלע מענטשן נאַקעטע,
א „דוש“ וועט זײַן טאַקע דאָ,
גייען ייִדן אַרײַן נאַקעטע.

טויט אויס דאָס לעבן —
נאַקעט בלײַבט,
כאָסן־קאַלע, מאַן און ווײַב!
זויג־קינדער נאַקעטע
דער טויט שוין קושט —
ס'האָבן מאַניאַקעס
געמאַכט אָט דעם „דוש“.

נאַקעט די מענטשהײַט,
דעם געוויסן צעפּליקט.
פון „דוש“, מײַן שיינהײַט,
מע קומט ניט צוריק.

דער אַש נאָר בלײַבט,
דאָס וועש און די שיך,
צום „דוש“ מע טרײַבט
א נאַקעטן מיך!
נאַקעטע ביימער, נאַקעטע צווײַגן,
נאַקעטע מענטשן
שטייען און שווײַגן.

די ערד בלויז זיך וואַקלט
פון גרויליקער שרעק,

די נאַקעטע שיקט מען
צום הימל אַוועק.

צאַנקט די מענטשהייט,
דער טויט־דאָרן פּלאַקערט;
אַ נאַקעטער פֿלי איך
אַרום מיט אַ האַק דאָרט.

## אָשווענטשימער מוזיי

בריל̈ן פון פרויען,
בריל̈ן פון מענער,
בריל̈ן פון קינדער.
קל̈ענערע גל̈עזער,
גרעסערע גל̈עזער;
בריל̈ן אָן אויגן
מיט טרויער
פארן אַריַינגיין
אין טויער.
בריל̈ן, וואָס זיַינען
פאַריאָסעמט געוואָרן,
בריל̈ן, וואָס האָבן
די שיַין פארל̈אָרן,
בריל̈ן פארשפריצטע
מיט א בל̈וטיקן פריל̈ינג!
וועל̈כע מאָם דארפט איר
בריל̈ן?..
ייִדישע בריל̈ן,
טשעכישע בריל̈ן,
פראנצויזישע בריל̈ן,
האָל̈ענדישע בריל̈ן.
בריל̈ן, וואָס קאָנען
דעם יאם
מיט טרערן אָנפיל̈ן;
בריל̈ן מיט אש
פון די אויוונס פארצויגן,
בריל̈ן,
וואָס ווייל̈ן

זײַן ברילן,
אויסגעזעצט האָט מען
בא זיי די אויגן.
ברילן פּענסנע
מיט זונגאָלד באַרעמלט,
ברילן,
וואָס קוקן אין פּאָנעם
דעם הימל,
זיך שעמען.
ברילן, וואָס שרײַען —
מיר האָבן געזען,
ווי מ׳האָט קינדער
און זקיינים געוואָרפן
אין פֿײַער!
ברילן מיט דרעטלעך,
פארזשאווערט פון רעגן,
ברילן,
וואָס דאָס הארץ
זיך אויסרעדן מעגן...
ברילן,
וואָס קיין וואָלקנס
וועלן מער נישט פארוועבן.
ברילן? —
אָן ברילן
קוקט איצט מײַן פֿאָלק
אפן לעבן.

## מיטן ערשטן דונער

געשלאָפן מייַן ווייטעק
מיט מיר אונטער איין דאך,
ער איז דען געשלאָפן?
ווי נאָר די אויגן איך פארמאך,
האלט ער די אויגן אָפן.

געצויגן האָט לאנג זיך די נאכט,
ביז די ערד
האָט ווי פון א דונער
גענומען קראכן,
איז מייַן ווייטעק
מיטאמאָל אין דרויסן ארויס,
די פענצטער
פארגעסן פארמאכן.

# א קראָנשטאַדטער באַלאַדע

אין קראָנשטאַדט איז פאַראַנען א פּירס,
קומען שיפן און קרייסערס די גרעסטע,
פאַרטאָג, ווען דער יאַם א גרויער נאָך איז,
צעשאָסן מע האָט דאָרט צוויי שוועסטער.

איינע געווען איז שניי־ווײַסער צוויט,
די צווייטע א ליכטיקער שטערן;
א גענעראַל א פּלוט זיי האָבן אונטער־
געהיט,
אָפּגעראַמט מיט א קליין רעוואָלווערל.

דער טשוהונען־שליאַך פירט ביזן פּירס,
צווישן ביימער און מאַטראָסן־סקווערל,
זיי וואַרפן די שאָטנס אונטער די פיס
און גיסן אליין זיך אָפּ מיט טרערן.

די מיידלעך באַם ראַנד פון פינישן יאַם —
איידעלע, צאַרטע געוויקסן,
און בא די סאָלדאַטן די הערצער אין פלאַם,
זיי לאָזן אַראָפּ די ביקסן.

דאַן בעטן די מיידלעך אַף יענעם פּירס:
— אונדז העלפן איז קיינער אימשטאַנד איצט,
הייבט אוף די ביקסן, סאָלדאַטן, און שיסט
לויט אונדזער קאָמאַנדע!

— אין קראָנשטאַדט איז דאָ אזא פּירס —
קאָלערליי פייגל דאָרט לעבן,
און דער יאַם אזוי שטורעמדיק איז,
ווען איבער די שיפן צוויי מיידלעך שוועבן.

# באנאכט אין בארענץ־יאם

פארפאָלג מיך, בארענץ־יאם,
טרייסל אויף
די טונדרע־בערג!
ביסט, ווי איך, קיינמאָל
מיט גאָרניט באנוגנט;
עפשער בלויז אין שטורעם
שטראַלסטו מיט שענסטן
ווונדער־ווערק
און דערמאָנסט מײַן יוגנט?

פארפאָלג מיך, בארענץ־יאם,
מיט צאָרן גרעסטן
און וועק די טונדרע־בערג
צו אָט דעם שלאכט,
כ'וועל פון דײַנע כוואַליעס
זיך אויסשמידן א מעסער
קעגן דער פינצטערניש,
וואָס לויערט טאָג און נאכט.

פארפאָלג מיך, בארענץ־יאם,
און מײַן זעגלשיף
שלײַדער און צעוויג!
כ'וועל מיט אלע געפארן
פּאָנעם־על־פּאָנעם זיך טרעפן,
ביז איינער פון אונדז
וועט זײַן דאָ באזיגט.

פארפאָלג מיך, בארענץ־יאם,
מיט דײַן לעוואָנע־פלאם,

וואָס איז אזוי ליכטיק
קיינמאָל ניט געווען,
כ'וועל זיך נאָך אמאָל
אויסבויען א שטיבל אין די בערג,
בא די ברעגן פון בארענץ־יאַם,
מיט דײַנע כוואַליעס די פענצטער
אַף ווינטער פארגלאָזן,
מיט דײַנע ווינטן דעקן
כ'וועל פון מײַן שטיבל דעם דאָך.

כ'בין דאָך אויך, ווי דו,
קיינמאָל מיט גאָרניט באנוגנט,
העלף מיר, בארענץ־יאַם,
אפסנײַ א בלענד טאָן מיט מײַן יוגנט,
וואָס איר רו, איר טוגנד
כ'געפין בלויז אין שטורעם.

## א צאָפּן־טײַך

דרײַ מאָל אין טאָג אַנטלויפט דער טײַך
צום יאַם
און קערט זיך אום ווידער —
די פֿיש בלײַבן ליגן אויפן זאַמד,
ווי ניט קיין געדרוקטע לידער.

איך נעם זיי אין די הענט,
שטײ מיט זיי ווי אַ טאַם...
מיט וואָס זאָל איך אײַך טרייסטן, טײַערע פֿיש?
מיך ציט אויך, ווי אַ טײַך, צום גרויסן יאַם,
נאָר איך בלײַב נאָך אַלץ בײַ מײַן קלײנינקן
טיש.

## וואָגיקע שטערן

זאָל לעבן דער מיזרעך, ווי ער לעבט.
זאָל אַף מײַרעוו די זון זיך לענגער פארהאלטן;
איך האָב ליב דעם דאָרעם־הימל,
וואָס צום יאם ווי א גאָלדענע פאווע
דעם עק זײַנעם שלעפט,
אָבער מער נאָך ליב דעם צאָפן קאלטן.

ס'צינדן זיך העליש די פּאָליארע נעכט,
אין די צווײַגן פון הירשן־הערנער
פלאָנטערן זיך וואָגיקע שטערן,
די ווײַט און דער פראָסט,
ווי זילבער, מיך ברעכט,
אין לויטערקײַט לעבן מיך לערנט.

# אינהאלט

## א ליד וועגן שניי



## דער פּארקן



##ביידע באם טינטער

## געראנגל



## קויף בײַ מיר א כאַלעם

## צום פּאָרטרעט פון דער נעשאָמע



## דאָס טעלערל זאלץ



## א ברענענדיק פענצטער





## צום ווײַב פון פּאָעט



## וואָגיקע שטערן

*Грубиян Матвей Михайлович*

БЕСПОКОЙНЫЙ ВЕТЕР

*(На еврейском языке)*

М., «Советский писатель». 1970, 216 стр.
План выпуска 1970 г. № 248.

Художник Д. Лион.
Редактор Г. А. Ременик.

Худож. редактор Е. Ф. Капустин
Техн. редактор И. М. Минская
Корректор А. Б. Стрельник

Сдано в набор 20/IV 1970 г. Подписано к печати 6/X 1970 г.
А01359. Бумага $84 \times 108^1/_{32}$ № 1. Печ. л. $6^3/_4$ (11,34). Уч.-изд. л. 5,85.
Тираж 1700 экз. Заказ № 2335. Цена 66 коп.
Издательство «Советский писатель». Москва К-9,
Б. Гнездниковский пер., 10.

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Комитета по печати при Совете Министров СССР
пер. Аксакова, 13